

# קינדער-דעקלאַמאַטאָר

— פאַר —

שול און היים

צוזאַמענגעשטעלט פון

**אהרן הלוי**

אילוסטרירט פון

**וו. סיגעל און אַנדערע**


**היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני**

ניו יאָרק

Hebrew Publishing
Company

632 Broadway, N. Y.

1929

# אײַנטײלונג:

ערשטער טייל

(אַן ערך פון 3 ביז 6 יאָר אַלט)

## קינדער־גאָרטן

1 — צווישן פייגל און חיות

2 — צווישן זיך גערעדט

3 — צײלערײַען

צווייטער טייל

(אַן ערך פון 6 ביז 9 יאָר אַלט)

## קלײנוואַרג

1 — קײַלעכדיק און שפּיציק

2 — שפּיל און אַרבעט

3 — נאַטור לידער

(פאַר אַלע דריי טיילן)

דריטער טייל

(אַן ערך פון 9 ביז 12 יאָר אַלט)

## יונגוואַרג

1 — פון אַרבעט און נויט (סאָציאַלע מאָטיוון)

2 — מעשה׳לאַך

3 — שפּילן (סצענירטע פּאָעמען)

{ פאַר אינגערע און עלטערע קינדער (2–3)

# אינהאַלט:

# אינהאלט
(פארטזעצונג)

# אינהאַלט
(פאָרטזעצונג)

# הקדמה

דער „ק י נ ד ע ר־ד ע ק ל אַ מ אַ ט אָ ר" איז רעקאָמענדירט פאַר שול און היים, — פאַר וואָס?

שוין אַ לאַנגע צייט, אַז עס פילט זיך אַ באַדערפעניש אין אַ שיינער, גרויסער זאַמלונג פון קינדער־דעקלאַמאַציעס, סיי פאַר די אידישע היימען, סיי — באַזונדערס — פאַר די אידישע שולן.

יעדער לערער ווייס פון די שוועריקייטן צו געפינען און אָפּקאָפּירן פאַר־סיקע דעקלאַמאַציעס פאַר פאַרשיידענע קינדער ימים־טובים, שול־אונטער־נעמונגען און פאַרוויילונגען. דער „קינדער־דעקלאַמאַטאָר" וועט זיין פאַר די לערער און די שול־קינדער אַ גרויסע הילף. אגב, קענען די לערער אָפטמאָל באַנוצן דאָס בוך אין קלאַס, אַלס אַ טעקסט־בוך פון שיינער, קינדערשער פּאָעזיע; אַרויסגעבן די קינדער פּאָעמען אויסצולערנען אויף אויסוועניק; און דורך דעם באַרייכערן און לעבעדיקער מאַכן די אידישע שפּראַך אין די קינדערשע מיילער. אי דער קלאַס וועט דערפון געווינען, אי די קינדער וועלן האָבן פאַרגעניגן, און די הנאה פון די עלטערן וועט פּשוט ניט זיין אָפּצושאַצן.

פאַר די אידישע היימען — דאָרט, וואו ס'זיינען דאָ קליינע און גרעסערע קינדער —וועלכע האָבן ניט די געלעגנהייט צו גיין אין אידישע שולן — וועט דער „קינדער־דעקלאַמאַטאָר" ממש זיין זייער נאָענטסטער אידישער חבר. די עלטערן וועלן אָפטמאָל פאַרלייענען פאַר די קינדער פאַסיקע פּאָ־עמען; אויסלערנען מיט זיי אויף אויסוועניק צו דעקלאַמירן ביי פאַרשיידענע היימישע פאַרוויילונגען; און, דורך דעם, ווירקן אויף זיי אַזוי פיל, אַז די קינדער זאָלן מיט דער צייט אַליין זיך קענען אויסלערנען לייענען אידיש, אַ דאַנק דעם בוך.

די איינטיילונג פון דעם „קינדער־דעקלאַמאַטאָר" איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ באַשטימטן סדר:

ערשטנס, איז דאָס בוך איינגעטיילט אין דריי הויפּט־טיילן, — לויט אַן ערך די יאָרן אין דעם קינדס אַנטוויקלונג און וואוקס. איך זאָג „אַן ערך", ווייל קיין גענויער באַשטימטער גרענעץ קען דאָ ניט געמאַכט ווערן. עס טרעפט, אַז אַ קינד, לאָמיר זאָגן, פון 8 אָדער 9 יאָר קען אַמאָל זיין אַזוי פיזיש און גייסטיק אַנטוויקלט, ווי אַ קינד פון 10 אָדער 11 יאָר. דערפאַר

קענען די באַשטימטע איינטיילונגען (לויט די יאָרן) באַטראַכט ווערן נאָר רעלאַטיוו. סיי די לערער, סיי די עלטערן פון פייאיקערע קינדער — וועלן זיך קענען באַנוצן מיט די ווייטערדיקע און שווערערע אָפּטיילונגען*), און פאַרקערט — מיט אָפּגעשטאַנענע קינדער. מיט אַנדערע ווערטער מיינט דאָס: אַז אַזוי ווי דער לערער און די עלטערן קענען אַמבעסטן די קינדער, האָבן זיי די פולע פרייהייט צו באַנוצן זיך מיט די מאַטעריאַלן פון בוך, לויט זייער אייגענער השגה.

צווייטנס, זיינען די באַזונדערע דריי הויפּט־אָפּטיילונגען איינגעטיילט אין געוויסע קלאַסיפיקאַציעס — לויט'ן אינהאַלט און כאַראַקטער פון די לידער.

די מאַטעריאַלן פאַר'ן „קינדער־דעקלאַמאַטאָר" האָב איך געזאַמלט פון פאַרשיידענע קוועלן: — געזאַמלטע ווערק פון אונזערע פּאָעטן, פון אידישע טעקסט־ביכער און פון אַלע קינדער־זשורנאַלן, סיי די, וואָס עקזיסטירן איצט: „קינדער־זשורנאַל", „גרינינקע ביימעלאַך" און „פרייד", סיי די, וואָס עקזיסטירן שוין ניט: „קינדערלאַנד" און קינדער־וועלט" — מאַטעריאַלן מונטערע, לעבעדיקע און אינטערעסאַנטע, פיל פון זיי אויסגעפּרובירטע אין פאַרשיידענע שולן; — מאַטעריאַלן אַזעלכע, וועלכע זאָלן צוגעבן חשק די קינדער צו לייענען, אויסצולערנען אויף אויסווייניק און דעקלאַמירן (איך וועל נאָך שפּעטער דערקלערן, ווי זיך צו באַנוצן מיט'ן בוך) — אַזוי, אַז עס זאָל פאַרשאַפן פאַרגעניגן סיי דעם קינד־דעקלאַמירער, סיי די צוהערער.

אַלס אַ לערער, האָב איך באַנוצט פאַר מיין קריטעריום—ד י ה נ א ה פ ו ן ד י ק י נ ד ע ר, בעת איך פלעג פאַר זיי פאָרלייענען די מאַטעריאַלן אין קלאַס; וויפיל קינדער עס האָבן זיך אָפּגערופן אויסצולערנען די אָדער אַנדער פּאָעמע צו דעקלאַמירן; און דער עיקר — וויפיל האָבן עס טאַקע אויסגעלערנט און געהאַט דערפאָלג ביי צוהערער.

אַז איך רייד שוין וועגן די מאַטעריאַלן, וויל איך דאָ, ביי דער געלעגנהייט, באַדאַנקען אַלע אונזערע פּאָעטן (וועלכע איך האָב נאָר געקענט גרייכן) פאַר דער דערלויבעניש און הסכמה, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן, און אַ באַזונדערן האַרציקן דאַנק ליפּע לערער'ן — דעם פאַרוואַלטער פון „קינדער־זשורנאַל" און מיין חבר ש. קאָרן — דעם אידישן לערער, פאַר זייער חבר'שן אינטערעס אין מיין אַרבעט.

די אילוסטראַציעס און באַצירונגען האָב איך אַריינגענומען צוליב דעם הנאה־געפיל פאַר שיינקייט, וואָס וועט אַרויסרופן ביי'ם קינד, בעת'ן לייענען דאָס בוך.

---

*) דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז די נאַטור־לידער, די מעשה'לאַך און שפּילן (סצענישע פּאָעמען) זיינען פאַר אַלע דריי אָפּטיילונגען, ווייל איך האָב זיך געוואָלט האַלטן געטריי צום ספּעציפישן כאַראַקטער פון אַ געוויסן סאָרט פּאָעמען און זיי האַלטן צוזאַמען, צוליב דער פּשוט'ער באַקוועמלאַכקייט זיי צו געפינען.

די מערסטע אילוסטראַציעס זיינען געצייכנט געוואָרן פון וו. סיגל. דערביי וויל איך אים און זיינע קאָלעגן, א. גודלמאַן, זוני מאָוד, וויטקעוויטש, קאָזלאָווסקי און אברהמ׳לען, האַרציק באַדאַנקען פאַר העלפן מיר צו באַצירן דאָס בוך מיט זייערע אילוסטראַציעס, ווי אויך דער „היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני" פאַר באַנוצן אירע אילוסטראַציעס.

די פאַרטייטשונג פון די שווערע ווערטער האָב איך געפונען פאַר מער באַקוועם צו געבן גלייך אויפ׳ן פּלאַץ (אויף דער זעלבער זייט), אַנשטאָט צו מאַכן אַ באַזונדער ווערטער־ביכל.

צום סוף וויל איך אויפריכטיק און האַרציק באַדאַנקען מיין לערער פון קינדער־פּסיכאָלאָגיע, לייבוש לערער׳ן, און אונזער באַדייטנדסטן ליטעראַטור־קריטיקער, שמואל ניגער׳ן, פאַר איבערקוקן די מאַטעריאַלן און פאַר זייערע גוטע עצות.

איך וויל דאָ אויך חבריש באַדאַנקען מיינע חברים און פריינט: דזשוליוס בוראַקאָוו׳ן און פּנחס האָפּעלד׳ן, פאַר העלפן מיר קאָרעקטירן דאָס בוך און פאַר זייערע פּאַכמענישע באַמערקונגען.

---

## אָנמערקונגען און אָנווייזונגען — ניט אַזוי פיל צו די לערער, ווי צו די עלטערן — ווי אַזוי צו באַנוצן דעם „קינדער־דעקלאַמאַטאָר".

1) לייענט אַליין פריער דורך דאָס בוך און באַקענט זיך מיט די מאַטעריאַלן, איידער איר לייענט עס פאָר פאַר די קינדער, וועלכע קאָנען אַליין ניט לייענען.

2) גרייט זיך צו פאָרצולייענען מיט געשמאַק, וועט איר מאַכן אויפ׳ן קינד דעם געהעריקן איינדרוק.

3) לייענט ניט פאַר׳ן קינד צופיל פּאָעמען מיט אַמאָל, — גיט דעם קינד אַ מעגלאַכקייט צו „פאַרדייען" דאָס געלייענטע.

4) נאָכ׳ן פאָרלייענען אַ פּאָעמע, איז וויכטיג צו פרעגן ביי׳ם קינד פראַגן. למשל: ווי געפעלט אים די פּאָעמע? פאַר וואָס? וואָס האָט דער דיכטער געוואָלט אַרויסברענגען? א. אַז. וו. און דערביי פאַרגלייכן דעם אינהאַלט, ריטם און פאָרם (און אפילו שפּראַך און סטיל) מיט אַנדערע באַקאַנטע פּאָעמען. די פראַגן וועלן אַנטוויקלען אַ געשפּרעך, — אָפּט אַ מיינונג־פאַרשיידנקייט, וואָס וועט צוגעבן אַטמאָספערע און באַרייכערן און פאַרטיפן די גאַנצע אַרבעט. צום סוף פרעגן דעם קינד, אויב עס וואָלט אַליין געוואָלט קענען דעקלאַמירן.

5) עס איז נויטיק, אַז דאָס קינד זאָל וויסן און פאַרשטיין די באַדייטונג פון יעדן שווערן וואָרט — דערביי זאָל מען אים געבן סינאָנימען — עטלאַכע ווערטער, וואָס דריקן־אויס כמעט דעם זעלבן באַגריף, און אַנטאָ־

נימען —ווערטער, וואָס דריקן־אויס פּונקט דעם פּאַרקערטן באַגריף, — דאָס וועט באַרייכערן דעם קינדס שפּראַך־אוצר.

6) אונטערשטרייכן אידישע אידיאָמען — ספּעציפיש־אידישע שפּראַך־אַרטן, אויסדרוקן, ווערטלאַך א. אַז. וו. און דערקלערן דערביי די שיינקייט פון שפּראַך און סטיל.

7) ריידן, ווי ווייט מעגלאַך, וועגן דעם דיכטער פון דער פּאָעמע אָדער ליד און פאַרגלייכן זיי צו אַנדערע זיינע באַקאַנטע שאַפונגען. וואָס האָט ער געוואָלט אַרויסברענגען. זוכן און פּרואוון צו געפינען די טיפערע אידייע פון דער זאַך.

(נישקשה, קינדער קענען פאַרשטיין אויך העכערע ענינים, אויב מען באַנוצט נאָר זייערע באַגריפן און „די שפּראַך פון זייער וועלט").

8) ווען א פּאָעמע אָדער ליד געפעלט דעם קינד זייער שטאַרק, זאָלט איר פאַר אים זי דורכלייענען נאָך אַמאָל, נאָך מיט מער געשמאַק, אָבער ניט צופיל מאָל,—עס זאָל אים ניט דערעסן—סיידן דאָס קינד פאַרלאַנגט עס.

9) ווען עס געפעלט אים א פּאָעמע, נאָך עטלאַכע מאָל הערן, און עס ציייגט אַרויס א חשק צו קאָנען דעקלאַמירן, זאָל עס פּרואוון אַליין אויסלערנען אויסוועניק, מיט אייער הילף, — עס וועט דערביי זיך זייער גרינג אויסלערנען אידיש לייענען. ווען דאָס קינד וועט אַנטדעקן, אַז עס קען אַליין איבער־לייענען א וואָרט אָדער זאַץ זעלבסטשטענדיק, וועט עס פאַר אים זיין א גוואַלדיקע הנאה.

10) ווען א קינד דערגרייכט אויסצולערנען א פּאָעמע און דעקלאַמירט עס פיין, שעצט עס אָפּ און ציייגט אַרויס אייער צופרידנקייט מיט צערט־לאַכקייט (און אפילו מיט מתנות).

11) דעם קינד'ס חשק צו דעקלאַמירן זאָלט איר קיינמאָל ניט קויפן פאַרויס מיט ממשות'דיקע מאַטעריעלע זאַכן, ווי למשל: מיט שפּילצייג, נאַשעריי א. אַז. וו., ווייל עס וועט אין זינען האָבן „ניט די הגדה, נאָר די קניידלאַך".

12) נעמט מיט די קינדער אָפּט צו אידישע קינדער־אונטערנעמונגען אין די אידישע שולן, — דאָס וועט זיי דערנענטערן צו זייער סביבה און עס וועט האָבן א גרויסע ווירקונג אויף זיי.

13) צווינגט ניט קיינמאָל א קינד אויסצולערנען א פּאָעמע, וואָס גע־פעלט בלויז אייך — ווייל איר וועט פאַרדאַרבן זיין אייגענעם געשמאַק.

14) ווי אַזוי אויסצולערנען א פּאָעמע? — ווי דעם קינד איז גרינגער. עס איז ראַטזאַם, אַז קליינע פּאָעמען זאָלן אויסגעלערנט ווערן מיט איינמאָל אינגאַנצן, גרויסע — טייל־ווייז אָדער סטראָפן־ווייז, אָבער קיינמאָל ניט שורות־ווייז.

15) זען, אַז דאָס קינד זאָל ניט „זינגען" מאָנאָטאָן נאָכ'ן ריטם, ווי עס טרעפט אָפט קינדער טוען, נאָר דעקלאַמירן קלאָר און שאַרף, לויט'ן געדאַנק און אינהאַלט, באַטאָנענדיק די ווערטער האַרמאָניש מיט דער שטימע דאָרט, וואו ס'איז נויטיק, מיט די נויטיקע, פּאַסיקע פּאַוזן.

16) זען אויפמערקזאַם מאַכן דעם קינד אויף ניט קיין פּאַסיקע אָדער איבעריקע באַוועגונגען, זשעסטן, גרימאַסן אָדער קלאַנגען ביי'ם דעקלאַמירן, נאָר מיט די ריכטיקע זשעסטן און מימיק. אויב עס העלפט ניט דאָס אויס־ריידן, זאָל דאָס קינד אַליין זיך אַוועקשטעלן ביי'ם שפּיגל און אַליין זיך איבערצייגן, ווי ניט שיין דאָס איז.

17) זען, אַז אייער קינד זאָל ניט קאָפּירן פון פרעמדע קינדער זייערע ספּעציפישע חנ'ען, נאָר אַרויסרופן און אַרויסברענגען שטענדיק אָריגינעלע, אייגענע.

18) בעת'ן דעקלאַמירן זאָל דאָס קינד שטיין פריי, ניט אָנגעשטרענגט ווי אַ סאָלדאַט; און צום סוף, ביי די אַפּלאָדיסמענטן, זאָל דאָס קינד ניט מאַכן קיין ביליקע וואָדעוויל־רעווערענסן, נאָר חנ'עוודיק און איידל זיך פאַר־נייגן פאַר'ן עולם.

צום סוף וויל איך בעטן אַלע לערער, און איך וועל זיין זייער דאַנקבאַר, ווען זיי וועלן מיר אָנווייזן אויף חסרונות — אויב עס זיינען דאָ אַזעלכע — אין „קינדער־דעקלאַמאַטאָר".

אהרן הלוי (קאַפּלאַן).

ניו יאָרק, יולי, 1928.

# ערשטער טײל

# קינדער־גאָרטן

(אַן ערך פון 3 ביז 6 יאָר אַלט)

1 — צווישן פײגל און חיות
2 — צווישן זיך געזעדט
3 — צײלערײַען

„העלע פרימאָרגנס אין גאָלדענעם שײַן —
קינדערלאַך קלײנע, געזונט זאָלט איר זײַן."
נחום י.



צווישן פֿייגל און חיות




# האָנעלע גערגעלע

י. קאַמינסקי

האָנעלע גערגעלע,
הענדעלע האָן!
זע נאַר, דו שרײַער,
וואָס האָסטו געטאָן?

האָסט אויף אַ פּלויט[1] זיך
אַ הויכן געשטעלט —
אויפגעוועקט האָסטו
די גאַנצענע וועלט!

[1] צאַם, פּאַרקאַן.



# קוקאַריקו האָן

נחום י.

קוקאַריקו האָן,
די בעטלער קומען אָן —
קומען ערגעץ פון דער ווייט.

ווער אין לאַטעס,
ווער אין שמאַטעס,
ווער אין זשופּיצעס[1] פון זייד.

קוקאַריקו האָן,
די בעטלער קומען אָן.

[1] קאַפּאָטעס.





# קיץ, קאַץ, קעצעלע.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

קיץ, קאַץ, קעצעלע,
וואַש מיר אויס אַ טעצעלע—
ס'קומען געסט צו מיר.

וואַשט די קאַץ אַן אויערל,
עפנט זיך דאָס טויערל —
ס'קומען געסט צו מיר.

ס'קומט די מומע מירעלע,
מיט דער טאָכטער צירעלע-
עפן זײַ די טיר.

ס'קומען קינדער בּרעקעלאַך
רײַטנדיק אויף שטעקעלאַך--
עפן זײַ די טיר.



# משה׳לע, קוישעלע!

א. שטײנבערג

משה׳לע, קוישעלע, לאָמפּ פּאַפּיר —
גײען געגזלאַך אויף שפּאַציר.

שטײט אַ האָן דאָרט אויפ׳ן פּלויט [1],
איז זײַן מיצל [2] פײַער־רויט.

אין אַ מאַנטל — סאַמע גאָלד,
און פון הינטן מיט אַ טראָלד [3],
טוט די גענז ער כבוד אָן:
קו־קו־רי־קו! — שרײַט דער האָן.

אַ „גוט מאָרגן״, זאָגט ער זײַ —
טוען אויך זײַ אַ געשרײַ:
גר־גר, גר־גר, גוטן טאַ־אַך [4]!
אַז עס ציטערט אַזש דער דאַך!

[1] צאַם, פּאַרקן. [2] היטל. [3] שלעפּע. [4] גוטן טאָג.



# די גרינע קאַטשקע

## פון זוני מאוד

גייט אַ גרינע קאַטשקע
מיט אַ ברייטער נאָז;
וואָלט זי שמעקן טאַביק —
האָט זי ניט מיט וואָס.

קאַטשקע גרין,
ברייטע נאָז
און מע ווייס ניט,
וואָס איז דאָס.

גייט די גרינע קאַטשקע,
גייט אַרום און קײַט;
וואָלט זי בראָקן לאָקשן —
האָט זי ניט קיין צײַט.

קאַטשקע גרין,
ברייטע נאָז,
און מע ווייס ניט,
וואָס איז דאָס.

דרייט זיך אום די קאַטשקע
דרייט זיך אָן אַ זין;
וואָלט זי גיין שפּאַצירן —
האָט זי ניט וואוהין.

קאַטשקע גרין,
ברייטע נאָז,
און מע ווייס ניט,
וואָס איז דאָס.

# די קאַץ אין מאַרק

נחום י.

אײנס און צװײ און הױך און שטאַרק —
גײט די קאַץ אַרױס אין מאַרק,
קױפן רעטאַך, קױפן ריבן,
קױפן אוגערקעס און כרײן.

קומט זי אױפ׳ן מאַרק צוגײן —
ערשט ס׳איז גאָרנישט ניט פאַרבליבן!

װײס די קאַץ ניט װאָס צו טאָן —
טו און מאַך, װאָס הײבט מען אָן?
כאַפּט זי ערגעץ װאו אַ בײן
און אַנטלױפט אױף שנעל אַהײם.



# אַמאָל איז געווען

פאָלקס־ליד

אַמאָל איז געווען אַ הון מיט אַ האָן —
די מעשה הייבט זיך אָן.
אַמאָל איז געווען אַ קו מיט אַ קאַלב —
די מעשה איז שוין האַלב.

אַמאָל איז געווען אַ וואָגן מיט אַ שליטן —
די מעשה איז שוין אינמיטן.
אַמאָל איז געווען אַ שטאָק מיט אַ שטעקעלע —
די מעשה איז שוין אַ ברעקעלע.

אַמאָל איז געווען אַ ציג מיט אַ ציגעלע —
די מעשה איז שוין אַ שטיקעלע.
אַמאָל איז געווען אַ קאַץ מיט אַ מויז —
די מעשה לאָזט זיך אויס.







# פֿײַגעלע, פֿײַגעלע.

פֿאָלקס־ליד

— פֿײַגעלע, פֿײַגעלע,
— פּי־פּי־פּי!
— וואו איז דער טאַטע?
— ניטאָ הי.
— ווען וועט ער קומען?
— מאָרגן פֿרי.
— וואָס וועט ער ברענגען?
— עפּל פּיר.
— וואו וועט ער זײַ ליגן?
— הינטער דער טיר.
— מיט וואָס וועט ער צודעקן?
— מיט פּאַפּיר.
— ווער וועט עסן?
— איך מיט דיר.



# ס׳קעצל וואַשט זיך

י. ה. ראַדאָשיצקי

וואַשט זיך ס׳קליינע קעצעלע
ביי אונז אין שטוב אויף קעסט,
מורמלט שטיל די באָבע מיר:
„יאָ, עס קומען געסט.“

זיצט דאָס ווייסע קעצעלע
און וואַשט זיך לינקס און רעכטס,
זאָגט די באָבע: „ס׳קעצעלע
היט די שטוב פון שלעכטס.“

און דאָס ווייסע קעצעלע
שפרינגט־אויף — היפ! — פון אָרט:
ס׳דאַכט זיך אים, אַ מייזעלע
גראַבלט דאָ און דאָרט.



# די ראַבע[1] הון

נחום י.

כאַפּט זיך אויף די הון,
די ראַבע
מיט אַ טומל און געשריי:
— אוי, אַ גדולה[2] אויף
דער באָבען!
אָט האָב איך געלייגט אַן איי!

נאָר דעם הינערשן געזינדל
גייט דאָס ניט אינגאַנצן אָן;
נו, פֿאַדריסט עס אונזער
הינדל,
גוואַלדעוועט זי אויף
דעם האָן:

אייער לייג איך,
באָרוועס גיי איך,
ניי מיר אויף כאָדאַקעס[3]!
אייער לייג איך,
באָרוועס גיי איך,
ניי מיר אויף כאָדאַקעס!

שטייט דער האָן, דער גרויסער שוטה[4],
שטייט און ווייס ניט וואָס צו טאָן;
טרייסלט זיך זײַן באָרד, די רויטע:
קו־קי־רי־קו, רי־קו האָן!

---

[1] געפּלעקטע, געפּינטלטע. [2] אַ שמחה, אַ פֿרייד. [3] שטעקשיך. [4] נאַר.

ווערט דאָס הינדל באַלד אַנטשוויגן,
גאָר פאַרגעסן אָן דעם אײַ;
— ווײַסט מײַן מאַן, אַ פײַנער ניגון [5]!
גיב קאָרשט [6] נאָך אַמאָל אַ קרײַ...

# אויפ׳ן הענטעלע

ל. קוויטקאָ

פּפּו—פּפּו—פּפּו!
הענדעלע, הינדעלע,
קאָרן אַ פענדעלע,
קאַשקע אַ ביסעלע
גיסן אין שיסעלע,
שטעלן אויפ׳ן טישעלע.

געבן דעם *)
געבן דעם,
געבן דעם,
געבן דעם
און דעם —
דאָס קעפּעלע אַ דרײַ!

---

[5] מעלאָדיע. [6] איך בעט.

*) ביי „געבן דעם"... ציילט דאָס קינד די פינגערלאַך, און ווען ס׳קומט צום פינפטן, גראָבן פינגערל, גיט ער אים א דריי.



# קעצעלאַך

י. קאַמינסקי

1

היצי־קיצי, קעצל־קיץ!
אַף מײַן קני אַ שטילע זיץ.
היצי־קיצי, קעצל־קיץ,
מיט די צײַנדלאַך ניט אַ קריץ

היצי־קיצי, קעצל־קאַץ —
מיט די נעגעלאַך ניט קראַץ.
היצי־קיצי, קעצל־קיץ:
אוי, ס׳טו כאַפּן אַ פּאָר שמיץ!

2

קיצי־קעצל, קיצי קאַץ —
עסט פֿון שיסל, נאַשט פֿון טאַץ,
לעקט פֿון טעלער, לעקט פֿון טאָפּ,
ווישט דאָס פּיסקל נאָכדעם אָפּ.

3

פּוסי־קעצל,
מיט מײַן הוט
וועט זיך שפּילן
אַ מינוט.

זי וועט ליגן
אויף דער זון,
וועט איר פֿרײַלאַך
זײַן דערפֿון.

נאָכדעם שפּילן
אויפֿ׳ן הויף
מיט די קינדער
אין געלויף.

# פייגעלאַך, פייגעלאַך.

נחום י.

פייגעלאַך, פייגעלאַך, קומט צו מיר,
קומט אַהערצו אַלע!
וואַרט אַ ווײַלע נעבן טיר,
וועל איך ברענגען חלה.

האָט ניט מורא, פייגעלאַך,
קומט צו מיר אין סעדל[1]!
וועל איך אײַך געבן בייגעלאַך
און אַ שטיקל פלעדל[2].

[1] גערטנדל. [2] אַ סענדוויטש מיט עפּעס אַ זיסקייט צווישן.

# דאָס קראַנקע קעצל

שרה באַרקאַן

מיזל־מיזל־מײַזל —
קראַנק איז אונזער קאַץ!
ברענגט איר אונזער הינטל
קוכן אויף אַ טאַץ.

ליגט די קאַץ און װײַנט:
— „אײַ־אײַ־אײַ, מײַן קאָפּ!"
און דאָס גוטע הינטל
טרעט פון איר ניט אָפּ.

„קעצעלע, װילסט עסן?"
טוט ער זי אַ פרעג.
און װאַרעמע קאָמפּרעסן
לײגט ער איר צום עק.

נעמט דאָס קעצל עסן,
װערט עס באַלד געזונט;
גײען איצט אַ טענצל
דאָס קעצל און דער הונט.

# די פּאַווע

י. גויכבערג

פּאַווענקע־טשיקאַווענקע,
מיט די צען קאָלירן,
עפן אויף דיין פעכער[1] ברייט,
קום אַרויס שפּאַצירן.

פּאַווענקע־טשיקאַווענקע,
שענסטע פון אונז אַלע,
קום, באַווייז דיין פאַרבן־קלייד,
אויסגעפּוצטע כלה.

פּאַווענקע־טשיקאַווענקע,
טעג וואָלט איך געזעסן
און אין דיר געשפּיגלט זיך,
ליכטיקע פּרינצעסן.

פּאַווענקע־טשיקאַווענקע,
ווילסט ניט ? וואָס־זשע טויג עס ?
האָסט דיין פעכער צוגעמאַכט,
בין איך מיט דיר ברוגז.

---

[1] ווייער.

# אין אַ שטעטל

פּאָלקס־ליד

אין אַ שטעטל שטייט אַ שטיבל
מיט אַ גרינעם דאַך,
און אַרום דעם שטיבל וואַקסן
ביימעלאַך אַ סך.

און דער טאַטע און די מאַמע,
חיה'לע מיט מיר,
וואוינען דאָרטן אַלע אינאיינעם,
אַלע, אַלע פיר.

און דער טאַטע האָרעוועט, האָרעוועט
אַלע זיינע יאָרן,
און ער ברענגט אונז שיינע זאַכן,
ווען ער קומט צופאָרן.

ער ברענגט אַ פערדל, וואָס עס הירזשעט,
מיט'ן נאָמען מוציק;
ער ברענגט אַ הינטל, וואָס האַווקעט, האַווקעט,
מיט'ן נאָמען צוציק.

ער ברענגט אַ קאַטשקע מיט אַ העלזל,
געגנזלאַך — ווייס ווי שניי,
ער ברענגט אַ הינדל, וואָס קוואָטשקעט, קוואָטשקעט,
ביז עס לייגט אַן איי.

און ער ברענגט אונז אויך אַ ציגל,
וואָס טרייסלט מיט זיין בערדל;
שפּאַן איך איין די ציג אין וואָגן,
ווערט פון ציג אַ פערדל.



# מײַן מאַמע

ב. סמאָליאַר

מײַן מאַמע איז אַ גוטינקע,
זי טוט מיר אַלץ צוליב.
זי קויפט מיר נײַע שפּילעכלאַך —
דערפאַר האָב איך זי ליב.

זי קויפט מיר שיך און זעקעלאַך
אַ שיפל און אַ מיל,
אַ בײַטשל און אַ פערדעלע,
און אַלעס, וואָס איך וויל.

# אַ יאָ, מאַמע?

י. י. סיגאַל

אַז איך בין אַ קלײנע,
װאַקס איך דאָך טאָג־אױס, טאָג־אײַן,
װעל איך דאָך אַמאָל אַ גרױסע זײַן, —
אַיאָ, מאַמע?

אַז איך בין אַ שײנע
און טו אַלץ װי עס דאַרף צו זײַן,
װעל איך דאָך אַמאָל נאָך שענער זײַן, —
אַיאָ, מאַמע?

אַז איך בין אַ גוטע
און איך שפּיל זיך גוט און פֿײַן,
װעל איך דאָך אַמאָל נאָך בעסער זײַן, —
אַיאָ, מאַמע?





# אַ אינגעלע

ז. ווײַנפּער

איך האָב אַ קלײנטשיק אינגעלע,
מיט ראָזע, װײכע בעקעלאַך;
די הערעלאַך צעפּלאָסענע [1],
זײ הענגען װי די גלעקעלאַך.

צעװײנט זיך װען דאָס אינגעלע
און טרערט מיט זײַנע אײגעלאַך,
דערצײל איך אים אַ מעשה׳לע
פון בלויע, װײַסע פײגעלאַך.

אַנטשװיגן װערט דאָס אינגעלע,
ער װישט זיך אויס די אײגעלאַך
און װאַרט, אַז קומען זאָלן באַלד
די בלויע, װײַסע פײגעלאַך.

---

[1] צעװאָרפענע, צעשויבערטע.

# מיט אַ נאָז און אָן אַ נאָז

יאָסל קאָטלער

װען קינדער טרינקען מילך
פֿון אַ גרױסער גלאָז,
װאַקסן זײ געזונט
מיט אַ שײנער נאָז.

אױך

װען קינדער טרינקען מילך
פֿון אַ קלײנער גלעזל,
װאַקסן זײ נישקאָשע
מיט אַ קורנאָסע[1] נעזל.

אָבער

װען קינדער טרינקען נישט
קײן מילך פֿון קײן גלאָז,
און װען קינדער טרינקען נישט
קײן מילך פֿון קײן גלעזל —
זײַנען זײ גרינער פֿון אַ גרעזל
און זײ בלײַבן אָן
אַ סימן פֿון אַ נעזל.

[1] פּאַריסן.



# ציפּעלע

משה בראָדערזאָן

עס האָט די קליינע ציפּעלע
פאַרביסן מיט אַ ליפּעלע:

— אוי, ציפּעלע, וואָס וויינסטו —
אַן עפּעלע — דאָס מיינסטו?
— אוי, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס, אַז איך וויין?

עס האָט די קליינע ציפּעלע
פאַרקניפּט דאָס מויל — אַ קניפּעלע...

— אוי, ציפּעלע, וואָס וויינסטו —
צוויי עפּעלאַך — דאָס מיינסטו?
— אוי, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס, אַז איך וויין?

און ס'טרייסלט זיך איר קעפּעלע
צוזאַמען מיט איר צעפּעלע...

— אוי, ציפּעלע, וואָס וויינסטו —
דריי עפּעלאַך — דאָס מיינסטו?
— אוי, ניין, ניין, ניין —
איך וויל אַ קוש — נישט מיין!



# די זיידעס מיט די באָבעס

מאַני לייב

די זיידעס מיט די באָבעס
קומען פון אַלע עקן,
מיט די גרויסע טאָרבעס [1]
מיט די לאַנגע שטעקנס.

און קינדערלאַך, וואָס וויינען,
ווילן גוט ניט זײַן, —
אין די גרויסע טאָרבעס
כאַפּן זיי אַרײַן.

נאָר גוטע, שטילע מיידעלאַך
איז זיי שטאַרק געפעלן;
שענקען זיי די מיידעלאַך
שנירעלאַך קאַרעלן.

און וואוילע, פרומע אינגעלאַך
האָבן זיי שטאַרק האָלד —
שענקען שיינע ביכעלאַך,
אײַנגעפּאַסט אין גאָלד.

[1] בעטלער־זעק.

# דרײַ אינגעלאַך

י. גויכבערג

די מאַמע האָט דרײַ אינגעלאַך,
דרײַ אינגעלאַך געהאַט,
מיט װײַכע, רויטע בעקעלאַך,
װי צאַרטע סאַמעט גלאַט.

האָט אײנס געהײסן בערעלע,
דאָס צװײטע חיים־שמערעלע,
דאָס דריטע האָט געהײסן —
מען זאָל אים קױפֿן שיך.

איך האָב אײַך אָפּגענאַרט!
איך האָב געװאוסט — איך װאַרט.
דאָס דריטע קלײנע אינגעלע,
דאָס דריטע — דאָס בין איך.

---

די מאַמע האָט דרײַ ניסעלאַך
פֿון דעם יאַריד [1] געבראַכט,
דרײַ גוטע, פֿעטע ניסעלאַך,
דרײַ ניסעלאַך — אַ פּראַכט.

איז אײנס געװען פֿאַר בערעלען
און אײנס פֿאַר חיים־שמערעלען,
און גאָר דאָס בעסטע ניסעלע —
האָט זי געלאָזט פֿאַר זיך.

איר װאונדערט זיך אַ ביסל,
פֿאַרװאָס ניט מיר אַ ניסל?
װײַל ניסן, ניסן, ניסעלע —
דאָס דריטע — דאָס בין איך.

די מאַמע האָט אַהײם געבראַכט
צװײ ניסעלאַך און מיך;
צװײ ניסלאַך פֿאַר די ברידערלאַך
און מיר — צװײ נײַע שיך.

---

[1] מאַרק.



# מײַן שװעסטערל

דוד ראַדין

האָב איך מיר אַ שװעסטערל,
איז זי אַזױ קלײן,
רײד איך צו איר: גו־גו־גו!
לאַכט זי אַזױ שײן!

האָט זי רונדע הענטעלאַך,
פּאַטשט זי: ליאַ־ליאַ־ליאַ!
גיט זי מיר אַ פֿינגערל:
ניאַ־ניאַ, ניאַ־ניאַ, ניאַ!

האָט זי נאָר צװײ צײנדעלאַך,
רעדט זי: פּאַפּאַ, פּאַפּ!
זינגט זי אױך אַ לידעלע:
טיאַפּ־טיאַ, טיאַפּ־טיאַ, טיאַפּ!

האָט זי קלײנע פֿיסעלאַך,
שטױסט זי מיך מיט זײ.
בײזער איך זיך: ניו, ניו, ניו!
מאַכט זי אַ געשרײ.

לײג איך זי אין װיגעלע,
זינג איך: ליו, ליו, ליו.
װערט זי שטיל און שלאָפֿט באַלד אײַן,
מאַכט די אײגעלאַך צו.



# אַ שפּילצײַג

אברהם רײזען

מיט אַ שטיקל שמאַטע
האָט דאָס קינד געשפּילט;
זיך אַ שפּילצײַג מאַכן
האָט דאָס קינד געצילט.

האָט גערדרײט די שמאַטע
פלײַסיק הין און הער;
ביז עס איז געוואָרן —
ווײסט איר וואָס?—אַ בער!

האָט דאָס קינד דערפרײט זיך
און זיך הויך צעלאַכט:
מיט די אײגענע הענטלאַך
זיך אַ בער געמאַכט.

אָבער אַז פון שאַפן
איז די פרײד אַוועק,
האָט דאָס קינד, דאָס קלײנע,
טיף דערפילט אַ שרעק:

בערן זײַנען שרעקלאַך,
עסן קינדער דאָך ...
האָט דאָס קינד צעוויינט זיך
אויף זײַן גרויסן בראָך.

האָט דאָס קינד געשוואָרן:
קײנמאָל וועט עס מער
פון אַן אַלטער שמאַטע
מאַכן זיך אַ בער.

# פּופּעס[1] וויינען ניט בײַנאַכט

ה. רויזענבלאַט

ווער האָט פּופּעס פּאַר
די מײדלאַך
אָט די קלײנע
אויסגעטראַכט?
פּופּעס זײַנען שטילע, גוטע,
פּופּעס וויינען ניט בײַנאַכט.

ווי איך לייג מײַן קלײנע
פּופּע
נאָר אין וויגעלע אַרײַן,
שליסט זי באַלד די בלויע
אײגעלאַך
און זי דרימלט אײַן.

פּופּעס וועלן זיך ניט שלאָגן
מיט די קינדערלאַך אין גאַס;
גײַן אין דרויסן, ווען עס רעגנט,
און אין רעגן ווערן נאַס.

פּופּעס טראָגן ווײַסע קלײדער,
גאַנצע זאָקן, רײנע שיך;
אַז מען צוואָגט[2] זיי, שרײַען זיי ניט
און זיי לאָזן זיך.



לעצטע וואָך האָט
אונזער דאָקטער
מיר אַ שוועסטערל
געבראַכט,
איז זי קלענער פון אַ פּופּע
און זי וויינט אַ גאַנצע
נאַכט.

אונזער דאָקטער איז
אַ שלעכטער,
בעסער וואָלט ער אונז
געבראַכט
נאָך אַ קלײנע, שײנע
פּופּע —
פּופּעס וויינען ניט
בײַנאַכט!

[1] ליאַלקעס. [2] וואַשן דעם קאָפּ.

# אַ מאָדנע ליאַלקע

י. י. סיגאַל

היינט האָט מיר מיין מומע
אַ ליאַלקע געבראַכט,
אַזאַ מין טשיקאַווע
און אַזאַ מאָדנע —
אַ ליאַלקע, וואָס לאַכט,
נאָר זי לאַכט!...

דאָס ביכל, דער ליאַלקעס,
פול איז מיט שטרוי,
איין אויג איז איר שוואַרץ,
דאָס אַנדערע — בלוי;
איין פיסל איז געל
און דאָס צווייטע איז גרוי.

אַז איך האָב מיין ליאַלקע
אין דרויסן געבראַכט,
נו, האָבן די חבר'טעם
מיינע געלאַכט!
געלאַכט און געלאַכט!

נו, האָבן מיר אַלע
געלאַכט און געלאַכט!
און אינאיינעם מיט אונז
האָט די ליאַלקע געלאַכט...
און געלאַכט...



# ליאַלקעס געבורטסטאָג

ל. בערקאָוויטש

ליאַלקע ט׳ווערן היינט אַ יאָר,
דאַרף איך שערן איר די האָר

און פאַרפּוצן דאַרף איך איר —
וועל איך נוצן קרעפּ־פּאַפּיר,

ראָזע שלייפן, ברוינע שיך —
כ׳דאַרף אַלץ קויפן אינדערגיך;

כ׳דאַרף פאַרגרייַטן פרוכט מיט ניס
און פאַרשפרייַטן אונזער טיש.

כ׳האָב סערוועטן[1] אויסגעפרעסט
און פאַרבעטן אַלע געסט.

ווער ס׳וועט וועלן, דער וועט זייַן.
מאַמע ט׳שטעלן טאָרט מיט וויַין,

פלוימענשטרודל, מאַרמעלאַד
און אַ פודל[2] שאָקאָלאַד.

און די ליאַלקע אויבנאָן,
ווי אַ מלכה[3] אָנגעטאָן,

ט׳זיצן לעבן מאַ און מיר
און ניט געבן זיך קיין ריר...

נאָכדעם וועלן אַלע גראַד[4]
זיך צעשטעלן אין פאַראַד

און אין גראָז זיך שפּילן פייַן, —
אוי, וועט דאָס אַ שמחה[5] זייַן!

[1] טישטיכער. [2] שאַכטל, קעסטל. [3] קייסערינע. [4] גלייך. [5] פרייד.

# אונזער קעצל

ב. סמאָליאַר

אונזער קעצל קען ניט רײדן,
קען ניט זאָגן, ווי איך, „מאַ“;
אַז עס דאַרף דער מאַמען רופן,
שרײַט עס שטענדיק: „מיאַו! מיאַו!“

אינדערפרי, ווען כ'ליג און שלאָף נאָך,
שטײט שוין קעצל בײַ מײַן בעט;
שטײט און קוויטשעט: מיאַו! מיאַו!“
מײנט צו זאָגן: „ס'איז שוין שפּעט!“

שטײ איך אויף און נעם זיך אָנטאָן,
קוקט שוין קעצל גלײַך אויף מיר;
לעקט די פיסלאַך, קוויטשעט: „מיאַו!“
מײנט צו זאָגן: „גוט־מאָרגן דיר!“

# ציפּ, צאַפּ, עמערל

פאָלקס־ליד

ציפּ, צאַפּ, עמערל,
קום צו מיר אין קעמערל,

כ'וועל דיר עפּעס ווייַזן, —
שיסעלאַך פון אייַזן,

מילך אין די קריגעלאַך,
קינדער אין די וויגעלאַך.

האָלץ וועלן מיר האַקן,
בולקעס [1] וועלן מיר באַקן.

טרינקען וועלן מיר ווייַן,
פרייִלאַך וועלן מיר זייַן.

ווייַן וועלן מיר טרינקען,
לידלאַך וועלן מיר זינגען.

קרעפּלאַך וועלן מיר עסן, —
אין קיינעם נים פאַרגעסן.

[1] חלות.

# עליע קאַפּעליע

נחום י.

עליע קאַפּעליע, לאַנגע פּיס,
זאָג, וואָס דאַרפסטו האָבן ?
איך האָב געבראַכט אַ זעקל ניס
און אַ זיסן פלאָדן.

זיבן געבליבן, אַכט געטראַכט,
ניַין אַלע אינאיינעם, —
האָט איַיך, קינדער, אַ גוטע נאַכט
און אַ טאָג אַ שיינעם.

# משה דרייקאָפּ

ב. סמאָליאַר

משה דרייקאָפּ איז זייער צעטראָגן,
פאָרט ער אין שטאָט, צעברעכט ער דעם וואָגן,
פאָרט ער צוריק, פאַרלירט ער אַ ראָד,
קומט ער אַהיים, פאַרקריכט ער אין סאָד [1].

[1] פרוכט־גאָרטן.

# אין אַ קליינן שטיבעלע

פאָלקס־ליד

אין אַ קליינן שטיבעלע
וואוינט אַן אַלטע אידענע
מיט אירע זיבן קינדער —
אַלע אויף ביין וואונדער:

מיט אַזוינע נעזער,
מיט אַזוינע אויגן,
מיט אַזוינע אויערן,
מיט אַזוינע קעפּ,
מיט אַזוינע האָר,
מיט אַזוינע בערד,
מיט אַזוינע בייכער,
מיט אַזוינע רוקנס,
מיט אַזוינע זייטן,
מיט אַזוינע פיס,
מיט אַזוינע הענט.

גאָרנישט ניט געגעסן,
גאָרנישט ניט געטרונקען,
נאָר זיי טאַנצן, שפּרינגען,
לידער נאָר זיי זינגען.

# אין גאָרטן

פעסי הערשפעלד־פּאַמעראַנץ

פליגן־פלאַטער, בלעטער־רויש,
פייגל־צווישערײַ, —
אינ׳ם קלײנעם, גרינעם גאָרטן
שפּילן קינדער דרײַ:

מאָטל „פּוז“ און חנה׳לע,
און לאה׳לע, בײַ׳ם זײַט, —
קינדער ווי די וועווריקעס,
שפּרינגען־אום פאַרשײַט.[1]

לאה׳לע, די שטיפערקע,
קײַקלט זיך אין גראָז;
מאָטל „פּוז“ האָט אויסגעשמירט
חנה׳לען די נאָז.

חנה׳לע צעבײזערט זיך:
„מאָטעלע, דו „פּוז“!
פאַרוואָס האָסטו מיך אויסגעשמירט,
שוואַרץ געמאַכט מײַן נאָז?“

לאה׳לע, די שטיפערקע,
קוקט און לאַכט, און לאַכט —
ביז עס האָבן אַלע דרײַ זיך
מיטאַמאָל פאַרטראַכט:

אויף אַ גרינעם צווײַגעלע
ערשט אַרויס פון נעסט —
יונגע קינדער — פייגעלאַך
זוכן פאַר זיך קעסט.[2]

מאָטעלע און חנה׳לע,
לאה׳לע בײַ׳ם זײַט,
קוקן, ווי די פייגעלאַך
פליען ערגעץ ווײַט...

---

[1] שטיפעריש. [2] שפּייז.

# שטיפעריַיען

י. קאַמינסקי

אַ שפּילקע האָט אַ קאָפּ,
אָבער קען ניט קלערן.
אַ נאָדל האָט אַן אויער,
אָבער קען ניט הערן.

אַ טיש האָט פיס,
אָבער קען ניט גייַן.
אַ טשייַניק האָט אַ מויל,
אָבער ניט קיין ציין.

אַ ווינט־מיל האָט פליגל,
אָבער קען ניט פליען.
אַ בעט האָט פיס,
אָבער קען ניט גייַן.

קישנס האָבן פעדערן —
זייַנען ניט קיין פייגל.
נעצן האָבן לעבער —
זייַנען ניט קיין בייגל.

# ווער עס ווייס — זאָל ענטפערן פאָלקס־ליד

(קאָלעקטיווע דעקלאַמאַציע*)

1

ווער ווייס אײנס?
— אײנס ווייס איך:
אײנס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קלײן צעפּעלע.

2

ווער ווייס צוויי?
— צוויי ווייס איך:
צוויי עקן האָט אַ שטעקן.
אײנס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קלײן צעפּעלע.

3

ווער ווייס דרײַ?
— דרײַ ווייס איך:
דרײַ עקן
האָט אַ קרעפּל,
צוויי עקן
האָט אַ שטעקן;
אײנס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קלײן צעפּעלע.

4

ווער ווייס פיר?
— פיר ווייס איך:
פיר עקן
האָט אַ בעקן[1],
דרײַ עקן
האָט אַ קרעפּל,
צוויי עקן
האָט אַ שטעקן;
אײנס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קלײן צעפּעלע.

5

ווער ווייס פינף?
— פינף ווייס איך:
פינף פינגער
איז אַ כאַפּ,
פיר עקן
האָט אַ בעקן,
דרײַ עקן
האָט אַ קרעפּל,
צוויי עקן
האָט אַ שטעקן;
אײנס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קלײן צעפּעלע.

*) איין קינד פרעגט, אָבער ענטפערט אַלעמאָל אַן אַנדער קינד.

[1] אַ באַק־פּאַן.



# רעטעניש ן

פאָלקס־ליד

(שפּיל פאַר צוויי)

דו מײדעלע, דו שײנס, דו מײדעלע, דו פײַנס,
איך וועל דיך עפּעס פרעגן אַ רעטעניש אַ פײַנס:
וואָס איז העכער פאַר אַ הויז,
און וואָס איז פלינקער פאַר אַ מויז?

דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט דאָך נישט קײַן שכל [1] אין דײַן קאָפּ!
דער רויך איז העכער פאַר אַ הויז,
אַ קאַץ איז פלינקער פאַר אַ מויז.

דו מײדעלע, דו שײנס, דו מײדעלע, דו פײַנס,
איך וועל דיך עפּעס פרעגן אַ רעטעניש אַ פײַנס:
וואָס איז טיפער פאַר אַ קוואַל,
און וואָס איז ביטערער ווי גאַל?

---

[1] פאַרשטאַנד.

דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט דאָך נישט קײַן שכל אין דײַן קאָפּ!
דאָס לערנען איז טיפער פאַר אַ קוואַל,
ד'ער טויט איז ביטערער ווי גאַל.

דו מײדעלע, דו שײנס, דו מײדעלע, דו פײַנס,
איך וועל דיך עפּעס פרעגן אַ רעטעניש אַ פײַנס:
וואָסער וואַסער איז אָן אַ זאַמד,
און וואָסער קעניג איז אָן אַ לאַנד?

דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט דאָך נישט קײַן שכל אין דײַן קאָפּ!
דאָס וואַסער פון אויג איז אָן אַ זאַמד,
דער קעניג פון קאָרטן איז אָן אַ לאַנד.

דו מײדעלע, דו שײנס, דו מײדעלע, דו פײַנס,
איך וועל דיך עפּעס פרעגן אַ רעטעניש אַ פײַנס:
וואָסער מילנער איז אָן אַ מיל,
און וואָסער לעפל איז אָן אַ שטיל?

דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט דאָך נישט קײַן שכל אין דײַן קאָפּ!
אַן אָפּגעברענטער מילנער איז אָן אַ מיל,
און אַן אָפּגעבראָכענער לעפל איז אָן אַ שטיל.

# נישט געשטויגן, נישט געפלויגן

נחום י.

הערט אַ מעשה, קינדערלאַך,
הערט מיט נאָז און אויגן;
איבער באָבע יאַכנעס דאַך
איז אַ קו געפלויגן.

זומער אָוונט אינדערפרי
איז אַ שניי געגאַנגען,
און אויף אַ געברענטן שטרוי
איז אַ בער געהאַנגען.





דאָס איז אמת, דאָס איז אמת —
דאָס איז אמת אַלץ געווען.
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת —
איך האָב דאָס אַליין געזען.

אויף אַ בוים געטאַנצט אַ שער
האָבן גענז און ציגן;
און אַ קאַץ האָט זיך געזעצט
אויסמעלקן די פליגן.

האָט אַ פּאָווע אײַנגעשפּאַנט
העכט אַ פּאָר אין צעבער[1]
און בײַ יאַשקען אויף דער נאָז
הענגט אַ לונג און לעבער.





[1] אַ רונדע, נידעריקע הילצערנע כּלי פֿאַר וואַסער.

# דער באָבעס ליד

(שפּיל)

נחום י.

— זינג אונז עפּעס, באָבעניו,
זינג אונז, באָבע קרוין!
— כ׳האָב איך אַלע לידעלאַך
אויסגעזונגען שוין.

— ניין, ניט אַלע, באָבעניו,
טו אונז נאָר צוליב...
וועלן מיר דיך, באָבעניו,
נאָך מערער האָבן ליב.

— וואַרט נאָר, כ׳האָב אַ לידעלע,
אָבער אָן אַ סוף;
זינגען פלעגט מען דאָס אַמאָל
קינדערלאַך צום שלאָף!

„זיבן גענז געקאָוועטע [1]
קינדער מיינע, ליבע,
זיינען געפאָרן חתונה האָבן,
קינדער מיינע, ליבע.

נאָר דער גאָנער, שלעכטער גאָנער,
קינדער מיינע, ליבע,
האָט געגעריקט [2] זיי, געשלאָגן,
קינדער מיינע, ליבע...“

„זיבן גענז געקאָוועטע!...“
העלפן אַלע מיר אַרויס,
און צופרידן נעמען מיר
טאַנצן איבער׳ן הויז.

[1] געשמידטע. [2] גע׳הרג׳עטע.

# מאמע לידער

חיה ברוק

פליט אוועק, איר פליגעלאך!
שלאפן לאזט מיין מיידעלע.
שלאף שוין, שלאף שוין, קינדערלע, —
כ׳ניי פאר דיר א קליידעלע.

פארנוצן זאלסטו עס געזונט,
דאס נייע, שיינע קליידעלע.
פליט אוועק, איר פליגעלאך,
שלאפן לאזט מיין מיידעלע!

—————

שפעט ביינאכט איז שוין אצינד,
שלאף־זשע, שלאף, מיין טרייסט, מיין קינד,
מאך די אייגעלאך שוין צו;
שפעט ביינאכט שוין, שלאף און רו.

לעש איך אוים דאס פייער שוין,
אליע ליוליע — קינד מיין קרוין!
שפעט ביינאכט, גענוג געוואכט,
שלאף־זשע, שלאף, א גוטע נאכט!



# די מאַמע

דוד איינהאָרן

אַליע, ליוליע! אַליע, ליוליע!
שלאָף, מײַן טײַערער, אין רו;
וואויל איז דעם, וואָס האָט אַ מאַמען
און אַ וויגעלע דערצו.

אַלצדינג קען מען נאָך געפינען,
אַלצדינג קריגט מען נאָך פאַר געלט;
נאָר אַ מאַמע — זי איז אײנע,
מער ניט אײנע אויף דער וועלט.

שלאָף, מײַן טײַערער, מײַן ליבער!
מאַך די אויגן צו און רו.
גוט איז דעם, וואָס האָט אַ מאַמען —
אַליע, ליוליע, אַליעליו!



# שטייט אין פעלד אַ ביימעלע

י. ל. פּרץ

שטייט אין פעלד אַ ביימעלע,
האָט עס גרינע צווייַגעלאַך,
זיצט דערויף אַ פייגעלע,
מאַכט עס צו די אייגעלאַך.

אויף די גרינע צווייַגעלאַך
וואַקסט אַ גאָלדן עפּעלע.
מאַך צו, מייַן קינד,
די אייגעלאַך —
אַ ברכה אויף דייַן קעפּעלע!



# שלום עליכם

א. ר.

שלום עליכם,
עליכם שלום.
האָבן זאָלסטו
אַ גוטן חלום.

אַ גוטן חלום,
אַ גוטן וואָר.
זאָלסט מיר זייַן
אויף לאַנגע יאָר!



צ״ילער־ײַען

# צײלערײַען (*

אײנס, צוויי, דרײַ,
לאָדער, לידער, לײַ,
ביקע, באַקע,
פעפער קאָרן —
אײנער האָט
זײַן פּלאַץ פאַרלאָרן.
ווער דער אײנער
איז געווען,
קענען אַלע
קינדער זען.

אײנס — אַ מילינג,
צוויי — אַ צווילינג,
דרײַ — מזומן,
פיר — רעדער,
פינף — פינגער,
זעקס — זינגער,
זיבן — אַ טויז,
אַכט — אַ הויז,
נײַן — אַ שטוים, —
גײ אַרויס!

ענקע, דבענקע,
צוקע, דאַמע,
אַבי, דאַבי,
דומע דאַמע.
עלטשים, פעלטשים,
מויז אַרוים, —
פון דײַן נאָרע
גײ אַרוים!

ענדע, פענדע,
צינדע מע,
אַבל, פאַבל,
די מענע.
איקע, פיקע,
גראַמאַטיקע,
אַנטשיק, פאַנטשיק,
זאַיאַץ פיעס.

אײנס, צוויי, דרײַ,
אָדער, לידער, לײַ,
אָקן, באָקן,
בײדע גלאָקן,
שערל, בערל,
ביקס אַרוים!

---

* צייל־לידער, וואָס קינדער באַנוצן צום שפּיל. אין די ציילערייען טרעפן זיך אָפטמאָל ווערטער, וואָס האָבן ניט קיין באַזונדער באַדייטונג און זיין. אַ חויז צוליב וואוילקלאַנג און גראַם.

# אויף די גרינע צווײַגן

משה שיפּרים

אויף אַ ווײַסער ציג
טאַנצט אַרום אַ פליג.
אויפ'ן האַלז פון באָק
הענגט אַ גרויסער גלאָק.

באָק, באָק, ביקל, —
אויף אַ לאַנגן שטריקל.
גלאָק, גלאָק, גלעקל,
אַרײַנגעשטעקט אַ פלעקל.

---

רינגע, רינגע, ראָלדע,
קלײנע, שײנע, גאָלדע.
רינגע, רינגע, רײזל,
גיט אַ קרים דאָס נעזל.

רינגע, רינגע, רינגל,
שטעק אַרויס אַ צינגל.
רינגע, רינגע, רײדל,
דרײט זיך ווי אַ דרײדל.

י. קאַמינסקי

האָקן, באָקן,
קלינגען גלאָקן.
גלאָקן קלינגען,
ציגן שפּרינגען.
שפּרינגען ציגן
פון די וויגן.
היסן, ניסן,
עק פאַריסן;
פליען, יאָגן,
שטאַרק צעטראָגן;
האָקן, באָקן,
שטאַרק דערשראָקן.

# צווייטער טייל

# קליינוואַרג

(אַ ערך פון 6 ביז 9 יאָר אַלט)

## 1 — קײַלעכדיק און שפּיציק
## 2 — שפּיל און אַרבעט
## 3 — נאַטור לידער:

(פאַר אַלע דריי טיילן)

א) דער פרילינג קומט
ב) זומער אין דרויסן
ג) האַרבסט הימלען
ד) דער פעטער שנייער

„בלוי איז דער הימל, ווי בלימלאַך פון ליין,—
קינדערלאַך טאַנצן ראָד אוים און ראָד איין."

נחום י.



# דער קליי̤נער חדר אינגל

ה. רויזענבלאַט

אַז איך בין אַ קליי̤נינקער,
וואָס־זשע גיי̤ט אײַך אָן?
איז דעריבער נעמט איר מיך
ניט אַרײַן אין קאָן[1]?

כ'גיי̤ ווי איר אין חדר דאָך,
לערן פונקט ווי איר —
וואָס־זשע פּאַסט אײַך עפּעס ניט
שפּילן זיך מיט מיר?

נאָר אַ דאגה מיר! איך ווייס,
ווייס שוין, וואָס כ'וועל טאָן:
אָט, איר זעט, אין הימל דאָרט
קומען וואָלקנס אָן?

באַלד וועט נעמען רעגענען.
גיי̤ איך מיר אַרויס,
שטעל אין רעגן זיך אַוועק
און ווער תיכּף[2] גרויס.

---

[1] אין שפּיל. [2] באַלד.

# לינדבערג

י. גויכבערג

לינדי, לינדי, לינדי־לינד,
גרינגער, פלינקער פון דעם ווינט;
טוט אַ הויב זיך און אַ ריס —
ערשט ניו־יאָרק — און שוין פּאַריז.

זאָגט ווי ברייט איז לינדיס שפּאַן?
— ווי אַטלאַנטיק אָקעאַן.

און ווי הויך איז לינדיס פלי?
— ווי דער ווייטער שטערן־גלי.

און ווי גרויס איז לינדיס מוט?
— פרעג די וועלט, זי ווייסט עס גוט.

לינדי, לינדי, לינדי־לינד —
גרינגער, פלינקער, ווי דער ווינט.





# דער רעגן

לאה ק. האָפמאַן

גאָט מאַכט אַ רעגן
און גיסט אים באַלד אויס,
קוק איך פון פענסטער
אין דרויסן אַרויס

און טראַכט: פאַר וואָס גאָט
גיסט דעם רעגן אין גאַס
און מאַכט אַלע מענטשן
און קינדערלאַך נאַס?

דעם רעגן אויסגיסן —
האָב איך היינט געקלערט —
וואָלט גאָט געדאַרפט בעסער
ביי'ם סוף פון דער ערד.

ווי גיסט מען דאָס וואַסער
אויף הייזער און קעפ?
ווען איך וואָלט געטאָן דאָס,
וואָלט איך געכאַפּט קלעפּ! ...

# אַ אינגעלע וואָס טראַכט

לאה ק. האָפמאַן

מײַן מאַמע זאָגט: איך טראַכט אַ סך
און וואונדערט זיך אויף יעדער זאַך,
און שפּיל זיך אַלעמאָל אַלײן,
און וויל די גאַנצע וועלט פאַרשטײן.
זי רעדט און רעדט אין מיר אַרײַן
און וויל, אַז איך זאָל אַנדערש זײַן.

און אונזער סעם, אַז ער געפינט
דאָס פלעשעלע מיט טאַטנס טינט,
איז שמירט ער באַלד די שויבן אָפּ
און גיסט אָן טינט זיך אויפ׳ן קאָפּ.
און אַז עס בלײַבט נאָך אויפ׳ן דעק,
פאַרבט ער אָפּ דער קאַץ דעם עק.

און נאָכדעם טוט זיך אַ געוואַלד,
ווײַל מאַמע נעמט אים שלאָגן באַלד.
און אַז מײַן ברודער קריגט אַ שער...
כ׳וויל שוין ניט דערציילן מער...
ווען איר וואָלט נאָר אַ קוק טאָן בלויז,
וואָס ס׳טוט זיך דאָן בײַ אונז אין הויז!...

נאָר מאַמע זעט נאָך אַלץ ניט אײַן,
ווי גוט עס איז ווי איך צו זײַן.
אַ מאָדנע זאַך! וואָס מען טוט,
קומט אַלץ בײַ מאַמען אויס ניט גוט!
נו, איז זיץ איך און איך טראַכט:

# פּאַפּאַס אינגעלע

ה. רויזענבלאַט

פּאַפּאַ, זאָגט מען, איז אַלײן
אויך אַמאָל געװעזן קלײן —
פלעגט ער טאַקע אויך, װי איך,
מיט די קינדער שלאָגן זיך?

און זיך פוילן אויפצושטײן
און אין חדר אַרײַן גײן?
פלעגט ער פּטר'ן [1], װי איך,
אַלע חודש [2] אַ פּאָר שיך?

און אין רעגן, אויף דער גאַס,
שפּילן זיך און װערן נאַס?
פלעגט ער אויסגיסן אַמאָל,
פּונקט װי איך, די מילך פון שאָל?

נאַשן צוקער אָן אַ שיעור? —
װאָס־זשע שרײַט ער איצט אויף מיר? —
„הײַם! װאָס כאַפּסטו?... טו אַ בלאָז!
זע נאָר, זע נאָר, אוי, אַ נאָז!...

קוק נאָר אָן בײַ אים צװײ הענט!
און אַ פּנים — שװאַרץ, פאַרברענט!
און אַ פּאָר צעקרימטע שיך — —
כ'פרעג דיך נאָר, װאָס טראַכסטו זיך?"...

איך זאָל זאָגן, װאָס איך טראַכט? —
אוי, װאָלט איך געלײזט [3], מיר דאַכט.
זאָגן אים, אַז ער אַלײן
ז'איז אויך אַמאָל געװעזן קלײן...

טאַקע — מאַמע זאָגט: כ'בין גאָר
פּונקט דער טאַטע... אויף אַ האָר...
איך װאָלט דאָס אים אויך געזאָגט,
האָב איך מורא — פּאַפּאַ שלאָגט...

[1] צעריסן. [2] מאָנאַט. [3] געקראָגן.

# צעקריגט

יוסף וואָל

1

נעם איך אַ קליין שערעלע
מיט אַ בלאַט פּאַפּיר —
און איך שנייד אויס צאַצקעלאַך [1],
צאַצקעלאַך פאַר מיר.

2

ס'אַרבעט פלינק מיין שערעלע,
שנייד איך לאַנג און ברייט —
קומט אַרויס אַ פייגעלע
און דערנאָך אַ קוויט.

3

כ'מאַך אַ פיש, אַן עפּעלע —
זאַכן אַלערליי;
אָ, ווי עס וועט עטעלע
אַנקוועלן פון זיי!

4

אָבער — אוי! מיר האָבן דאָך
זיך אָט ערשט צעקריגט;
פון איר פּופּעס [2] קאָפּ האָב איך
הערלאַך געפליקט.

5

רעדט מיט מיר ניט עטעלע —
טראַכט איך שוין און טראַכט:
ווער, אָ, ווער וועט זאָגן איר,
וואָס איך האָב געמאַכט?

---

[1] שפּילעכלאַך. [2] ליאַלקעס.

# תירוצים

ל. מלאך

אַלע שילערנס און שילער
זיינען שוין אין שול געקומען,
און דער לערער ביי דער שול-ברעט
האָט דאָס קרייד אין האַנט גענומען.

פלוצלונג זעט ער אין אַ ווינקל
שטייט ישראליק אָפּגעזונדערט,
קוקט ער אָן מיט שרעק דעם לערער,
און דער לערער — אים פאַרוואונדערט.

יענע וואָך אַ גאַנצע, איז ער
נישט געקומען אין דער שולע,
פראַנק און פריי אַרומגעלאָפן
אין די גאַסן — אַ גדולה [1].

פרעגט דער לערער אים: ישראליק,
אַלץ כסדר זאָלסטו זאָגן,
וואו ביסטו געוועזן זונטיק,
יענעם זונטיק, פאַראַכטאָגן?

— „זונטיק“,—זאָגט ישראליק,—„האָבן
דאָך געקלונגען הויך די גלאָקן,
שקצים קאָנען שטיינער וואַרפן,
האָב איך זיך פאַר זיי געשראָקן.“

— „וואו ביסטו געוועזן מאָנטיק?“
— „מאָנטיק—ענטפערט ער מיט מורא—
„מאָנטיק, זאָגט מיין טאַטע, פאַסט מען
און מען לייענט אין שול די תורה.“

[1] א פרייד.

— „וואָס איז דינסטיק ?"—ברומט דער לערער
און איז באַלד שוין מיד פון פרעגן.
— „דינסטיק איז ביי מומע באַשען
ס'קעצעלע געוואָרן געלעגן."

— „מיטוואָך ?"
— „מיטוואָך" — טראַכט ישראליק —
מיטוואָך... יאָ, כ'האָב גאָר פאַרגעסן,
מיטוואָך האָט געקאָכט מיין שוועסטער
באָב מיט קליסקעלאַך צום עסן."

— „דאָנערשטיק"—זאָגט ער אַליין שוין—
„איז דאָך אַ יאַריד [2], ווייסט יעדער,
האָט אַ פערד מיך אומגעוואָרפן,
כ'בין אַרויס קוים פון די רעדער."

— „יאָ, איך זע שוין"—זאָגט דער לערער—
„צו תירוצים [3] ביסטו מסוגל [4]...
וואו ביסטו געווען פרייטיק ?"
— „פרייטיק מאַכט מען דאָך דעם קוגל !"

הערט דער לערער די תירוצים,
זאָגט ער: „נישט כדאי זיך צערנען,
סיי־ווי־סיי וועסטו, ישראליק,
גוט זיך שוין נישט קאָנען לערנען."

[2] אַ מאַרק. [3] פאַרענטפערונגען. [4] פיייִק.

# חוה

ז. וויינפער

זיבן יאָר מיט צוויי חדשים
אַלט איז אונזער חוה,
און אַ מיידעלע, אַ ברען,
ממש אַ שטיק לאַווע[1].

ליידט פון איר אין הויז די מאַמע,
און אין שול דער לערער,
און די קינדער אין דרויסן
ליידן דאָך נאָך מערער.

טענה'ט מען זיך מיט איר אוים,
קוקט זי אומגעדולדיק;
האָט אויף אַלצדינג דיר אַן ענטפער: —
וואָס בין איך דען שולדיק?

טאַקע, טאַקע, אַ רחמנות,
אומגליקלאַכע חוה!
קאָן אַ מיידעלע זיך העלפן,
אַז איר בלוט איז לאַווע?

[1] הייסע מאַסע פון אַ ברענענדיקן וואולקאַן.

# זיידע

ה. רויזענבלאַט

וואָס איז זיידע אַזוי גרוי? —
ווײַל אַ זיידע איז אַזוי!
זיידע שפּאַנט זיך טריט בײַ טריט,
ווײַל אַ זיידע אײַלט זיך ניט.

זיידע טוט די ברילן אָן? —
ווײַל — אַ זיידע דאַרף עס טאָן.
זיידע לערנט תּורה[1] פיל —
ווײַל — אַ זיידע קען און — וויל!...

זיידע רויכערט ניט קיין סך,
ווײַל — דאָס האַרץ איז בײַ אים שוואַך!
שמעקט ער טאַביק בלויז און — ניסט:
האַפּ־ציאַ!... האַפּ־ציאַ!... שיסט און שיסט!

נעמט זיך זיידע שמעקן פיל...
ווײס איך שוין, וואָס זיידע וויל!...
און — ווי ער צעניסט זיך נאָר,
שרײַ איך אויס: „צו לאַנגע יאָר!"

ווינטש איך זיידן געזונט אַ סך —
זיידע, נעבאַך, פילט זיך שוואַך —
און פאַר זיידנס יעדן ניס
שענקט אים גאָט אַ יאָר געוויס!...

[1] הייליקע ספרים.

# שאַ, דער זיידע שלאָפט

יאָסל קאָטלער

אין אַ ווינטערדיקן שבת,
אויפ׳ן אויוון, ביי דעם זיידן,
שפּילן זיך דאָרט איייניקלאַך —
„ששש! מ׳טאָר ניט ריידן!“

האָט די באָבע זיי געזאָגט,
„ווייל דער זיידע שלאָפט אין בעט.“
האָט זי זיי געגעבן לעקאַך
און געקושט זיי און געגלעט.

„באָבע! באָבע! איך זיץ שטיל!
איאָ, איך ניט ריידן!?“
האָט איין אייניקל אויסגעשריען
און — אויפגעוועקט דעם זיידן.

# דער אַלטער קוקו זייגער

ה. רויזענבלאט

אַלט איז אונזער קוקו־זייגער,
הענגט אַ כמורנער [1] אויף דער וואַנט,
ציט די רגע'ס, שלעפּט די שעה'ן
קרעכצט און כריפּעט נאָכאַנאַנד!

אויבן, אויף דעם זייגער'ס בוידעם,
זיצט דער קוקו און ער היט;
הערט זיך איַין צום זייגער'ס קליקען,
צו די וויַיזערס שטילע טריט...

פינסטער... צוגעמאַכט דאָס טירל.
און קיין פענסטער אויך ניטאָ.
ווי־זשע ווייסט דער געלער קוקו —
קוקען, ווען עס קומט די שעה?!

און ווי ווייסט ער, ווען די נאַכט קומט
און אַ קינד דאַרף שלאָפן גיין?
און ווי ווייסט ער, ווען ס'נעמט טאָגן,
און ס'איז ציַיט שוין אויפצושטיין?

אונזער אַלטע קאַץ אפילו —
ווי עס קומט נאָר אָן די נאַכט,
ציט זי אויס זיך נעבן פיַיער,
היט דעם זייגער שטום און וואַכט;

זשמורעט, זשמורעט מיט די אייגלאַך
קעגן רויטן פיַיער־שיַין,
ביז דער געלער קוקו וויַיזט זיך,
און ער קוקעט זייגער ניַין.

ניַין מאָל קוקו... און פאַרשלאָסן
טיר און טויער און — אַ סוף;
באָבע שעפּטשעט זיך איר קריעת־שמע [2]
און געבענטשט איז אונזער שלאָף.

[1] טרויעריקער, ברוגז'ער, אַנגעלאָדענער. [2] אַ געבעט פאַר'ן שלאָף.



# דער יעגער

י. ל. פּרץ

יאַנקעלע וויל אַ יעגער זײַן,
יאַנקעלע וויל אין וואַלד אַרײַן;
שיסן וויל ער נאָר אַ בער —
דאַרף ער דאָך געווער[1].

אונזער יאַנקעלע דערזעט:
אין ווינקעלע אַ בעזים שטייט —
מיט'ן בעזים וועט ער יאָגן
און אַ גרויסן בער דערשלאָגן!

ער קען אין שטוב שוין מער ניט בלײַבן;
וויל דעם בעזים אונטערהייבן.
שווערער בעזים קערט זיך איבער,
און דער יעגער פאַלט אַריבער.

נישט קײַן בער און נישט קײַן האָז,
און צעשלאָגן זיך די נאָז!
ער וויל שוין ניט אין וואַלד אַרײַן,
ער וויל שוין ניט קײַן יעגער זײַן!

---

[1] כלי־זיין.

# בערל

ז. וויינפּער

בערל איז אַ וואוילער אינגל,
נאָר ער קאָן נישט ציילן.
אַזאַ נאַריש אינגל איז ער,
ס'איז אַ חרפּה[1] צו דערציילן.

וויפיל איז אַ דריי און פינף?
גלאָצט ער מיט די אויגן.
„בערל, בערל! — ברומט דער טאַטע —
וועסט צו גאָרנישט טויגן!"

— נעמסט אַרונטער זעקס פון פערצן,
וויפיל איז געבליבן?
קראַצט זיך בערל אויפ'ן שטערן
און ער ענטפערט: „זיבן!"

בייזערט זיך אויף אים דער טאַטע: —
„בערעלע, בערוליע!"
דריקט די מאַמע אים צום האַרצן: —
„בערל, מיין גדולה[2]"

בייזערט טאַטע זיך אויף מאַמען: —
וואָס וועט פון אים ווערן?
טרייסט די מאַמע זיך מיט האָפנונג: —
זאָל ער מיר נאָר עלטער ווערן!

„עלטער שמעלטער! — ברומט דער טאַטע —
וועט צו גאָרנישט טויגן."
פילט זיך בערל שולדיק, שטייט ער,
גלאָצנדיק די אויגן.

---

[1] שאַנד. [2] פרייד, נחת.



# אַ פוילער

פון ח. נ. ביאַליק'ס „שקאַצעריי"

אידיש — פון מיקאַעלאַ

אוי, ווי גוט און זיס, אוי־אוי,
ליגן אייביק אַט־אַזוי.
און די אויגן צוגעמאַכט —
חלום'ען פון פרי ביז נאַכט!

כ'האָב ערשט איצט געזען אין שלאָף
ווי אַ ציג, צי גאָר אַ שאָף,
שפרינגט אויף טישן און אויף בענק —
נאָר דער זייגער — אים אַ קרענק —
האָט אַ קלונג געטאָן דערביי —
און מיין חלום איז פאַרביי.

# איך בין אַ גוטע מיידל

י. אדלער

איך בין אַ גוטע מיידל,
זאָגט מײַן שוועסטער אסתּר;
און מײַן טאַטע און מײַן מאַמע
זאָגן אויך אַזוי.

נאָר איין חסרון[1] האָב איך —
אוי!

ווייל איך פאַסטן — עס איך;
ווען מען זאָגט מיר עפּעס —
פאַרגעס איך;

ווען ס'איז קאַלט אין דרויסן —
שוויץ איך;
ווען מען הייסט מיר שטיין —
זיץ איך;

ווען אַלע קינדער שלאָפן —
וואַך איך;
ווען אַלע קינדער וויינען —
לאַך איך;

ווען אַלע קינדער שטייען —
גיי איך;
ווען אַלע קינדער לויפן —
שטיי איך.

כ'בין אַ גוטע מיידל — אוי;
און מײַן טאַטע און מײַן מאַמע
זאָגן אויך אַזוי...

[1] פעלער.

# נײַע קלײדער

לאה ק. האָפמאַן

נײַע קליידער נײַן עס הענגען
אין דער שאַפע רײַן און שײַן —
וועלכע זאָל איך בעסער אָנטאָן
אינדערפרי אין שול צו גײַן?

אַז די רויטע וועט ניט פּאַסן
צו איר נײַעם גרינעם הוט,
און די גרינע איז מיט שפּיצן,
וואָס זײַ פּאַסן איר ניט גוט.

און די בלויע איז צו טונקל,
און די ראָזע איז צו העל,
און די ברוינע איז צו וואַרעם,
און די געלע איז צו געל.

און די קרעמע איז מיט בלומען,
וואָס זײַ מאַכן זי צו קלײן;
און די ווײַסע איז אַלט־מאָדיש,
און די שוואַרצע איז ניט שײַן.

איז איר, נעבאַך, זייער ביטער,
און זי ווייס ניט, וואָס צו טאָן.
נודיעט זי דער מידער מאַמען,
ביז די מאַמע שלאָגט זי אָן...

# איציק שפּילט אויף דער האַרמאָנקע

ל. גאָרעליק

איציק שפּילט אויף דער האַרמאָנקע:
טרילי־טוטו, טרילי טו —
שרײַט די מאַמע מיט אַ שמײכל:
„אַך, דו שלעכטער בחור, דו!“

האָסט פאַרגעסן גאָר, אַז מאָרגן
ווערסטו דרײַצן יאָר שוין אַלט?
ביסט נאָך אַלץ אַ ווילדער שטיפער,
ווי געוואָקסן אין אַ וואַלד.

אַרום דיר אַ רעדל קינדער —
טאַנצן, האָפּקען, זינגען־צו —
זאָג מיר, איציק, ביסט אַ קלעזמער?
קום אין הויז, דו ווילדער, דו!“

נאָר די קינדער—הענטלאַך, פיסלאַך —
פלעכטן אויס זיך, ווי אַ קראַנץ;
ווי דאָס לעבן וואָלט געווען נאָר
אַ האַרמאָנקע און אַ טאַנץ.

# האָסט נאָך צײַט

י. אַדלער

מיט מײַן מאַמען האָב איך
אַלע מאָל אַ שטרײַט.
וואָס איך בעט בײַ איר, זאָגט זי:
„האָסט נאָך צײַט."

זאָג איך: „מאַמע, מאַך אַ קלייִדל
מיר פון רויטן זײַד."
זאָגט זי: „קינד מײַנס, ניט געאײַלט זיך,
האָסט נאָך צײַט."

זאָג איך: „מאַמע, לאָמיר פאָרן
ערגעץ ווײַט."
זאָגט זי: „קינד מײַנס, ניט געאײַלט זיך,
האָסט נאָך צײַט."

זאָג איך: „מאַמע, איך וויל „אײַז־קרים"
און איך האָב קײַן סענט נישט."
זאָגט זי: „קינד מײַנס, האָסט נאָך צײַט,
עס ברענט נישט!"

וויין איך — ווערט די מאַמע בייז
און שרײַט:
„איך וועל דיך שלאָגן!"
זאָג איך: „האָסט נאָך צײַט!"

# בערל לעקער

ב. סמאָליאַר

בערל לעקער איז געקומען צום בעקער
פרײַטיק האַלב נאָך זעקס.
זאָגט בערל לעקער צו דעם בעקער:
„גיב מיר זים געבעקס.“

זאָגט דער בעקער צו בערל לעקער:
„ווײַז מיר פריער געלט.“
זאָגט בערל לעקער צו דעם בעקער:
„אָט דאָס איז, וואָס מיר פעלט!“

# געלט

א. לוצקי

## דאָס לעבן פון געלט

אַ קײַלעכדיק פּאָלק.
זײַ גײַען ניט אַלײַן —
מען טראָגט זײַ אויף די הענט.
פון האַנט צו האַנט —
באַרײַזן זײַ אַ וועלט.
אין נאָמען פון דער גאַנצער מדינה [1].

זײַער טאַטע — דאָס לאַנד.
איר זעט דאָס פּנים?
נעמט מיך!
בײַ זײַ איז ניטאָ קײַן ליגנער.
אַלע מאָל דעם אמת אויפ'ן האַרצן.
דאַן בין איך געבוירן,
דאָס בין איך ווערט;
נאָר דעם — אמת.

אַ גלאַטע מטבע -
איז נאָר צום באַדויערן, —
אָפּגעלעבט...
בטבע [2] איז זײַ קאַלט.
זײַ האַלטן זיך אין קעשענעס,
אין טײַסטערס [3],
אין קאַסטנס,
אַבי נישט אויף דער ערד.

ערד שרעקט זײַ.
דאָרטן—גלעט מען נישט.
דאָרטן—רײַזט מען נישט אַרום.
אײַביק—זשאַווער [4].

[1] לאַנד. [2] ביי נאַטור. [3] געלט־בייטלען. [4] ראָסט.



אַז אַ מטבע פֿאַלט אַראָפּ,
און מען זעט זי נישט אויפֿצוהײבן —
פֿילט זי זיך פֿאַרלאָרן —
דערנידעריקט.

ווען מען זוכט זי מיט אַ בעזים —
וואַרפֿט זי זיך און שרײַט:
„אָט בין איך דאָך!
וואָס איז דער מער מיט אײַך?!"

אַ קאָרטן־שפּילער האָבן זײַי פֿײַנט.
דער בעסטער מענטש איז שלעכט בײַ קאָרטן.
אַ שלעפּ — און באַלד אַ שלײַדער;
ווידער אַ שלעפּ און ווידער אַ שלײַדער.
אַזאַ ליבע — איז שווידערלאַך.

דער ערלאַכסטער מענטש איז אַן אַרבעטער.
ער — פֿאַרדינט זײַי אָרנטלאַך.
זײַי דערקענען אין די הענט —
אויסגעאַרבעטע...




## וואָס געלט טראַכטן און מײַנען

אַז געלט דערזעט אַ מטבע פון אַן אַנדער לאַנד —
טראַכטן זײ:
אויך מיר געלט!
ס'האָט אַ פּנים פון חוזק[5]!...

אַנדערע מײַנען אַזוי:
אַ־לע געלטן זײַנען דאָ...
ערשט נאָכ'ן סוף —
ווען מען ווערט ניט —
ווערט מען דאָרטן —
אויסגעשמעלצט אויפס־נײַ...
יעדע מטבע —
קומט צוריק אין זעלבן געשטאַלט,
אין זעלבן ווערט,
נאָר נײַ.
בלויז די יאָרן העכערט מען אויף זײ.
דערנאָכדעם —
ווידער אַהין.
אַזוי כסדר —
אַהין און צוריק —
נישטאָ קײן סוף.

אַנדערע מײַנען פאַרקערט:
ווער געמינערט, ווער געמערט —
אַ דאַים טראָגט זיך אָפּ
און קומט צוריק אַ קוואָדער.

[5] שפּאַס, געלעכטער.

אַ דאָלער קאָכט זיך דאָרטן אויס
און קומט צוריק אַ האַלבער בלויז.
אַ ניקל —
ווערט אַמאָל מגלגול[6] אין אַ לעפל.
אַ פּעני —
אַ פּויסט אין אַ בראָנזענער סטאַטוע.

ווער קען וויסן, וואָס מיר זײַנען שוין אַמאָל געווען.
דער גאָט — פון די געלטן —
איז אומגעהײַער גרויס און קײַלעכדיק, —
ער — דרײַט אַלץ...

## פאַלשע געלטן

פּנים׳ער — פּונקט ווי אמת׳ע...
נאָר עפּעס פּעלט זײַ.
אַלע מאָל אַ ביסעלע בלאַס —
זײַ לעבן כּסדר אין שרעק...

אַז אַ ריכטיקע מטבע
דערשפּירט אַזעלכע —
פאַרטראַכט זי זיך מיט מורא: —
אַ נאָכגעמאַכט געשטאַלט...

אפשר „אַ נישט גוטער"[7] פון די אַלטע געלטן?...
אפשר אַ גלגול[8] פון פאַרלאָרענע מטבעות?...
געקומען מאָנען לעבן.
— גלגול!
גײַ צוריק!
ביסט פאַלש!

[6] פאַרוואַנדלט. [7] אַ טײַוול. [8] אַ בייזער גייסט, אַ שד.

װען אַ מבין פּאַקט אַ פאַלשע מטבע
און נעמט זי אויף פאַרהער [9] —
איז זי זיך מודה
און זאָגט אָפּ װדוי [10]:
— אמת.
אָבער איך בין ניט שולדיק...
אַזוי מיך אַרויסגעשיקט...
מיך ניט געפרעגט...

פאַר אײַך קלינג איך פאַלש,
פאַר מיר אַלײן — ניט.
איך... איר הערט?...
איך... איך — בעט אײַך:
צעברעכט מיר ניט מײַן לעבן!...
לאָזט מיך זײַן!...

## פּ ע נ י ם

די אָרימסטע זײַנען די פּענים.
דער פינסטערער המון [11] פון די געלטן.
אָן אַ שיעור זײַנען זײ פאַראַן.
אָבער מיט זײ רעכנט מען זיך װײניק —
מ׳נעמט זײ נישט ערנסט.

די נײַע פּענים — זײַנען פול מיט חוצפה [12] —
גלאַנצן מורא׳דיק —
גאָר נישט נאָך זײער װערט.
װי—קומען—זײ—צו—קופּער!
ניקל — װײס איך װאָס!
זילבער — איז בלעך קעגן זײ!
גאָלד — האָט זײ — נאָכגעמאַכט!

[9] אויפ׳ן צימבל, אויספרעגן. [10] אַ תפילה פאַר׳ן טויט. [11] פּראָסט פאָלק.
[12] פרעכקײט.

אָבער די אַלטע פּענים האָבן אַ טרייסט: —
די נייַע וועלן אויך אַלט ווערן.
אַמאָל אַליין אַזוי געווען...
אויך אַזוי געמיינט...
אַזוי איז דאָס שוין:
אין דער יוגנט — גלאַנצט מען
און אויף דער עלטער — ווערט מען פאַרשוואַרצט...

## ניקלם און דאַימס

די דאַימס זייַנען זייער עניוות׳דיק [13] בייַ זיך, —
נאָך קלענער פון אַ פּעני,
מיט וואָס זיך האַלטן גרויס?
אינגאַנצן צען סענט.

אָבער די געמיינע ניקלם —
זייַנען גראָב צו פאַרשטיין
זייער אייגענע אָרימקייַט
און האַלטן זיך —
נאָך גרעסער פון די דאַימס.

## קוואָדערס, האַלבע דאָלערס און דאָלערס

מיטל־קלאַס.
איינער גרעסער פאַר׳ן אַנדערן.
דער דאָלער איז דער גרעסטער,
דער רייַכסטער באַלעבאָס, —
ער איז הונדערט פּראָצענט זיכער מיט זיך.

---

[13] באַשיידן.




אין געזעלשאַפט פון דרײַ קוואָדערס —
טראַכט דער דאָלער:
איך — אײנער־אַלײן —
בין רײַכער פון אײַך אַלע דרײַ צוזאַמענגערעכנט.

אַז נײַן־און־נײַנציק פּענים יאָגן זיך צוזאַמען —
שטוינט [14] דער דאָלער:
הער נאָר, ווי זײ מאַכן דאָס אַ טומל!
אָט בין איך מער פון אײַך אַלע —
פונדעסטוועגן — האַלט איך מיך באַשײַדן...

## פּאַפּיר געלט

אינטעליגענץ [15].
פיזיש — שוואַך.
בײַ זײ איז נאָר דאָס וואָרט,
דער פאַרנעם,
די פאַנטאַזיע.

זײער לעבן איז אַלע מאָל אין געפאַר —
צוליב זײער אײדלקײט.
קוים אַ פײַערל — צינדט זײ אָן.
אַ ליאַדע [16] ווינטעלע — ציטערן זײ.
דער מינדסטער דרוק —
מאַכט אויף זײ אַן אײַנדרוק.
זײער עמפּינדלאַך [17].

---

[14] חידוש'ט זיך, וואונדערט זיך. [15] געלערנטע מענטשן. [16] קוים, עפּעס. [17] סענסעטיוו.

אַלע — גרויס בײַ זיך.
אַ פֿינפֿער — גלײַך מיט אַ פּופּציקער.
אַ דאָלער — נישט קלענער פֿון אַ הונדערטער.
זײ מײנען מסתמא [18] אָפּצונאַרן.
אָבער זײ נאַרן נישט אָפּ.
מען זעט שוין ווער איז ווער...

די רײַכע פּאַפּירן — לעבן לענגער.
די אָרימע — מאַכן מער אַדורך
און לעבן קורץ.

די רײַכע פּאַפּירן — קומען נאָר צו גבירים [19].
אַז אַ הונדערטער פֿאַרבלאָנדזשעט צו אַ קבצן [20] —
פֿילט ער זיך אײנזאַם.
אָבער ער כאַפּט זיך אַרויס אַזוי שנעל,
ווען דער קבצן — געפֿינט זיך אין אַ נויט.

די יונגע פּאַפּירן — זײַנען זײער קאַפּריזנע.
אַ ריר — מאַכן זײ אַ טומל, —
גאַנצע קנאַקערס!

די אַלטע פּאַפּירן —
קוים וואָס זײ האַלטן זיך...
פֿאַלן שיר אַוועק אין חלשות
און בענטשן שטילערהײט די הענט —
וואָס נעמען זײ נאָך.
מיט דער צײַט — קריגן זײ פֿעלערס [21]:
ווער אין אַ זײַט,
ווער אינדערמיט;
אָבער מענטשן האָבן אײַנזעעניש [22]
און פֿאַרלאַטן זײ.

[18] קענטיק. [19] רײַכע לײט. [20] אָרימאַן. [21] חסרונות. [22] רחמנות.

## גאָלדענע געלטן

אַדל-לײַט.
פּרינצן.
זײַ שײַנען אַראָפּ פֿון זיך.
מיוחסים [23]!

קומען נישט צום פֿאָלק.
אינגאַנצן אָפּגעזונדערט.

אַלע מלחמות איבער זײַ.

היט מען זײַ זײַער אָפּ
און לעבן אַלעמען אַריבער.

## ט ש ע ק ס

פֿריער — קומט — געלט.
שפּעטער — קומען — טשעקס.
נאָכלויפֿערס,
נאָכאַמערס [24].
זײַ פּלאַפּלען [25] נאָך דאָס געלט אין באַנק, —
פּאַפּירענע פּאָפּוגײַען [26]!

[23] אַדללײַט. [24] נאָכמאַכערס. [25] פּלוידערן. [26] אַ פֿויגל אַזאַ, וואָס רעדט „פּאַראָט".




## פאַלשע טשעקס

ווען אַ טשעק וויל זײַן אָריגינעל
און טראַכט זיך אויס אַ סומע
אויף זײַן אײגענער אחריות [27] —
טויג נישט!
וואָס ער זאָגט — איז ליגן!...

אַ טשעק — אַ ליגנער —
זידלט מען אָפּ אין באַנק
מיט בלײַ אָדער מיט טינט:
„נישט גוט!“
„נישטאָ קײַן געלט!“
און מען שיקט אים צוריק,
פון וואַנען ער איז געקומען.

קומט ער צוריק —
אַ פאַרשעמטער,
אַ באַלײדיקטער,
מיט שאַנד־פלעקן אויפ׳ן לײַב:
„נישט גוט!“...
„נישטאָ קײַן געלט!“...

די אמת׳ע געלטן —
זײַנען זײער נישט צופרידן מיט אַזעלכע טשעקס —
זײ כאַפּן דערווײַל אַרײַן אומזיסטע גלעטן...
אָבער די אמת׳ע געלטן קענען זיך נישט העלפן
און מוזן נאָך ליגן צוזאַמען אין די קעשענעס
און צוזען די ליגנס פון די פאַלשע פּאַפּירן...

[27] רעכענונג.

# דאָס זייגערל

א. לוצקי

צוויי שטעקעלאַך זײַנען
געוואָרן שותפים[1]
אין אַ קײַלעכדיק געשעפט
פון צוועלף ציפערן,
מיט אַ שויפֿענסטער פון פאָרנט.

דער לאַנגער שותּף
רוט ניט קיין מינוט
און האַלט אין איין ציילן
און באַקוקן די סומע.

דער קלענערער,
דער פעטערער שותּף,
מאַכט זיך ווי ער שלאָפט.
און קריכט אים נאָך זייער לאַנגזאַם,
קוקט בגנבה אויפ'ן לאַנגן
און ציילט די ציפערן
מיט טיפן חשד[2].

כמעט יעדע שעה —
קומען זיי צוזאַמען.
דער לאַנגער —
רוקט זיך אַרויף
אויפ'ן קלענערן
און רוימט אים איין:־
„געשעפט גייט — גוט,
נאָר איך אַרבעט זייער שווער."

און אַז דער קלענערער
וויל זיך אַ ריר טאָן,
אים עפּעס זאָגן —
פאַרדרייט דער לאַנגער
מיט'ן קאָפּ אויף נײַן
און רוקט זיך פון אים אַוועק.

הינטער'ן גרויסן געשעפט —
איז פאַראַן אַ קליין געשעפטעלע,
אויך פון צוועלף ציפערן.
מיט אַ סוחר'ל פאַר זיך אַליין.

דאָס קליין ענערגיש סוחר'ל
איז פּינקטלאַך צו דער רגע[3]
און דרייט זיך, ווי
אַ וועווריקל,
אַרום זײַן פאַרמעגן,
און זינגט,
און זוכט,
און נישטערט[4].

האַלט איך דאָס געשעפטל
אין האַנט
און קוק אויף די דרײַ
נאַרישע סוחרים,
וואָס פאַרדרייען זיך די קעפּ
און די יאָרן,
אַרום געשעפטן,
וואָס ברענגען
גאָר — נישט אַרײַן.

---

[1] פאַרטנערס. [2] פאַרדאַכט. [3] סעקונדע. [4] גריבלט זיך.

# אַ מענטשעלע

א. לוצקי

אַ מענטשעלע — אַ קעסטעלע,
אין קעסטעלע — צוויי שייַבעלאַך.
קוקן פון די שייַבעלאַך
קעצעלאַך און טייַבעלאַך.

פילט זיך גוט דאָס קעסטעלע,
גלאַנצן־אויף די שייַבעלאַך;
טאַנצן אין די שייַבעלאַך
קעצעלאַך און טייַבעלאַך.

פילט ניט גוט דאָס קעסטעלע,
ווערן גרוי די שייַבעלאַך; —
אומעטיקע קעצעלאַך,
אומעטיקע טייַבעלאַך.

קומט אַ צייַט צום קעסטעלע
און פאַרדעקט די שייַבעלאַך;
שלאָפן־איַין די קעצעלאַך,
שלאָפן־איַין די טייַבעלאַך.



# שײַקעלע-פּײַקעלע

א. אלמי

שײַקעלע־פּײַקעלע
שמ'ט [1] אין דער גאַס:
אַ אינגל — אַ מזיק [2],
אַ פֿײַער — אַ שפּאַס!

אַלץ קאָן ער — אַלץ ווײסט ער,
ס'איז גאָר נישט אים שווער;
דערלאַנג אים נאָר ברעטלאַך
מיט טשוועקעס אַהער:

באַלד מאַכט ער אַ שיפל
און לאָזט זיך העט־העט,
דורך טײַכן, דורך ימ'ען,
דורך לענדער און שטעט.

און זאָל ער נאָר פֿעדערן
האָבן אַ סך —
באַלד מאַכט ער זיך פֿליגלען
און פֿליט ביז'ן דאַך.

---

[1] האָט אַ נאָמען. [2] אַ שטיפער.

# איך בוי פון לײם אַ מויער

נפתלי גראָס

איך בוי פון לײם אַ מויער,
דרײַ גרויסע גאָרן [1] הויך ;
אין יעדן שטאָק אַן אויוון,
אַ קוימען פֿאַר׳ן רויך.

איך מאַך אַ טיש און בענקלאַך
פון ברעטלאַך און פון לײם ;
אַן אַלמער פול מיט ספרים [2],
אַזוי ווי אין דער הײם.

עס בײזערט זיך דער טאַטע,
ווען כ׳רופֿ אים זען מײַן הויז ;
ער שרײַט דאַן צו דער מאַמען :
איך וואַקס אַ דאָרפסיונג אויס.

מײַן גרויסער ברודער שמײכלט
און רעדט דעם טאַטן אײַן ;
ער זאָגט : כ׳וועל אַמאָל נאָך
אַ גרויסער קינסטלער זײַן.

[1] שטאָק. [2] ביכער.



# יאָסעלע ברען

ל. גאָרעליק



יאָסל דעם שוסטערס,
אַ אינגל — אַ ברען,
אַ אינגל — אַ מזיק [1],
איז אַלט אַ יאָר צען —
פּלוצלונג פאַרפירט ער
מיט אינגלאַך אַ קריג,
טאַנצט זיך און מע־קעט,
אַזוי ווי אַ ציג.
און וואו אַ געשלעג —
איז דאָרט יאָסל געווען;
דערפאַר טאַקע רופט מען אים:
יאָסעלע ברען.

זיין טאַטע — אַ בלינדער,
פאַריכט אַלטע שיך;
זיין מאַמע נייט העמדלאַך
ביי'ם פענסטער אין קיך.

פאַרטראַכט איינמאָל יאָסל זיך,
פאַרטראַכט זיך און טראַכט,
און ליגט שוין מיט אָפענע אייגלאַך
די נאַכט.

— — — — — — — —

[1] אַ שטיפער.

שטייט אויף אונזער יאָסל פאַרטאָג, זייגער פיר,
טוט אָן זיך און עפנט פּאַמעלאַך די טיר;
זעט ער: עס רעגנט, ס'איז קאַלטלאַך און נאַס,
אַרט עס אים ניט, און ער לאָזט זיך אין גאַס. — — — —

געקומען איז יאָסל אַהיים זייגער אַכט,
האַלט אין די צייִנער אַ טאָלער און לאַכט.
צעהוסט זיך דער טאַטע: וואו ביסטו געווען?
צעוויינט זיך די מאַמע: אוי, יאָסעלע ברען!

שפּרינגט יאָסל דער מאַמען אַרויף אויפ'ן שויס,
כאַפּט פון די צייִנער דעם טאָלער אַרויס;
„פאַרקויפט אַ סך צייַטונגען — נאַ און ניט וויין!
און יעדן פרימאָרגן וועל איך אַהין גיין.
וועסט מער שוין ניט נייען קיין העמדלאַך אין קיך.
גיב עסן, אין סקול דאַרף איך לויפן, אויף גיך!"

קושט זי און האַלזט אים און גלעט אים דעם קאָפּ,
לאַכט שטיל, און עס רינען איר טרערן אַראָפּ —
קוקט יאָסל פאַרוואונדערט און ווייס ניט, וואָס ס'מיינט —
זי דאַרף זיך דאָך פרייען, און זע נאָר — זי וויינט?

# מיר זײַנען צוויי נאַרישע קינדער

ה. לייוויק

מיר זײַנען צווײַ נאַרישע קינדער
און מאַכן פון אַלץ זיך אַ שפּיל,
ביז וואַנען עס קומט אַן דער טאַטע
און גיט זיך אַ בײַזער: „זײַט שטיל!“

מיר טוליען זיך צו אין אַ ווינקל,
אַרונטערגעלאָזן די קעפּ,
ביז וואַנען די טריט פון דעם טאַטן
פאַרשווינדן אויף יענער זײַט טרעפּ.

מיר טוען אַ שפּרונג פון׳ם ווינקל
און נעמען זיך שפּילן צוריק;
און פּלוצלונג — דער טאַטע קומט ווידער:
געגאַנגען איז ער נאָך אַ שטריק.

ער נעמט אויף אונז שרײַען און שלאָגן,
צעברעכט אונז די שפּיל־צײַג אויף שטיק;
עס שרעקט אונז נאָך מער פון זײַן שלאָגן —
זײַן שטומער פאַרביסענער בליק.

אָט ליגט אַן אַ פאָן [1] אונזער שיפל,
אַן רעדער, אַן רעלסן — די באַן;
אײַן פּוס נאָר געבליבן בײַ׳ם פערדל,
צעריסן אינגאַנצן דער שפּאַן.

אַרונטערגעשלײַדערט דעם רײַטער,
אויף צווײַען צעבראָכן זײַן שווערד,
צעפּלאָנטערט די סטרונעס פון פידל —
צעטראָטן זי ליגט אויף דער ערד.

מיר זײַנען צווײַ נאַרישע קינדער
און ווײַנען אין ווינקל אַלײַן, —
ביז וואַנען עס שפּרינגט צו דער טאַטע
און גיט זיך אַ בײַזער: „ניט וויין!“

---

[1] פלאַג.

# שפּאַנט די פערדלאַך

י. באַקסט

שפּאַנט די פערדלאַך אין די שליטלאַך,
שפּאַנט זיי, שפּאַנט זיי באַלד;
לאָמיר פאָרן, לאָמיר פאָרן —
ברענגען האָלץ פון וואַלד.

הייבן פערדלאַך גרינג די פיסלאַך,
טראָגן זיך גאַלאָפּ.
אָט־אָ, זע איך שוין דאָס וועלדל —
טפּרו! — און שטעלט זיך אָפּ.

רוט זיך, פערדלאַך, רוט זיך, פערדלאַך,
רוט זיך אויס פון וועג;
און איר, חברה, צו דער אַרבעט
מיט די זעגן, העק.

זעגט מיט זעגן אונטער ביימער,
האַקט מיט העק די צווייַגן;
האַקט און שפּאַלט; איז אייַך קאַלט —
נעמט מיט שניי זיך רייַבן.

פּאַקט די שייַטלאַך אויף די שליטלאַך,
פּאַקט און בינדט מיט שטריק;
איצטער, פערדלאַך, טוט אַ נעם זיך —
וויאָ — וויאָ — וויאָ! — צוריק.




דוכט זיך, פעטער עליע פאָרט?
יע, דער פעטער עליע;
יע, געוויס, איז ער דאָס דאָרט
אין דער לאַנגער דעליע[1].

אָט האָט ער אַהינטער'ן הויז
אויסגעשפּאַנט זײַן פערדל;
זעט, ער דרייט דעם שליטן אוים,
טרייסלט זיך זײַן בערדל.

שאַ, ער גייט אין שטוב... אַזוי
אָנגעפּעלצט, פאַרפראָרן.
— גוט'ן אָוונט אײַך! אוי וויי,
איז דאָס קאַלט געוואָרן!

לאָזן מיר זיך גלײַך צו אים,
שפּיליען־אָפּ זײַן דעליע.
שרײַט די מאַמע אָן אויף אים:
— דו צעלאָזט זיי, עליע!

— טו זיך אוים, רו־אָפּ פון וועג,
זעץ זיך צו ביי'ם פײַער...
— וואַרט נאָר, כ'ברענג אַרײַן די פּעק,
ווער איך מיר שוין פרײַער.

שטייען שוין די פּעק אין הויז.
און דער פעטער עליע
קריכט פּאַמעלינקע אַרויס
פון זײַן לאַנגער דעליע.

[1] קאַפּאָטע.

כאַפּן מיר אים באַלד אַרום
ענג פון אַלע זײַטן,
און די מאַמע — בײַזלאַך, קרום —
קוקט אויף אונז פון ווײַטן.

שווערע, גרויסע פּעק, — פון אָרט
קאָן מען זײַ ניט רירן...
האָט דער פעטער עפּעס דאָרט
אונז געבראַכט צו פירן?

— נו, קאָרשט, קלײַנוואַרג, קומט אַהער! —
רופט אונז צו דער פעטער. —
— אוי, איך זע, איר קאָנט ניט מער
וואַרטן שוין אויף שפּעטער.

כ׳האָב געבראַכט פאַר אײַך אַ באַר,
זים, אַ פאַרגעניגן!
ווער עס איז פון אײַך דער נאַר,
יענער וועט זי קריגן.

— פעטער טײַערער, אוי, גיב,
גיב אונז שוין די באַרן...
ווײַל מיר ווײסן, האָסט אונז ליב,
וועסטו אונז ניט נאַרן!

— אוי, — זאָגט ער, — איר זײַט, ווײַזט־אויס,
גאָר ניט קיין נאַראָנים...
און אַ שמײכל שפּילט־אַרויס
אויף זײַן גוטן פּנים.

— נו, אָט האָט איר אײַך דערפאַר! —
און בינדט אויף אַ פּעקל,
גיט אונז יעדערן אַ באַר
און אַ קניפּ אין בעקל...

# אַ שיך-פּוצער

רוטי פרידמאַן

אין מיטן גאַס, אַן עלנטער,
גייט אַ אינגעלע, אַלט נײַן.
ער דערזעט מיך, פרעגט ער מיך:
„מײדעלע, אַ שײַן?"

„כ'האָב קײַן געלט ניט" — ענטפער איך.
גייט ער ווײַטער אין זײַן נויט
זוכן שיך צו רייניקן —
פאַר אַ שטיקל ברויט.

אָפּטמאָל טראַכט איך אומעטיק:
„גאָט, פאַרוואָס, פאַרוואָס זאָל ער
מער, ווי איך, ווי אַנדערע,
לײַדן אַזוי שווער?

ס'איז דאָך, נעבאָך, נאָך אַ קינד!"...
כ'זיץ אַזוי און וואַרט און טראַכט,
ביז עס לעשט זיך אויס די זון,
און עס קומט די נאַכט.

# דער בלינדער

לאה ק. האָפמאַן

ביַי דעם עלעווייַטעד שטייַט ער,
דער, וואָס מאַמע גיט אים געלט;
ס׳איז אויף אים אַזאַ רחמנות,
וואָס ער קען נישט זען די וועלט.

ווינטער איז אַ שלעכטער וועטער,
מוז ער, נעבאַך, דרויסן שטייַן;
און אַוועקגייַן קען ער דאָך ניט,
ווייַל ער זעט ניט וואו צו גייַן.

ווי אַזוי קען ער דאָס לעבן,
מיט די אויגן צוגעמאַכט?
אַז ער זעט קייַנמאָל קייַן זאַך ניט,
און ביַי אים איז שטענדיק נאַכט.

און ער קען ניט גייַן אין מואווים [1],
און עס איז אים אומעטיק.
אַך, צו האָבן גוטע אויגן,
איז אַ גרויסער, גרויסער גליק!

איך האָב גוטע בלויע אויגן
און איך קאָן דאָך אַלצדינג זען.
ווען איך וואָלט ניט דאַרפן פאָלגן,
וואָלט מיר טאַקע גוט געווען...

[1] קינאָ.

# פויערל, פויערל!

דוד ראַדין

פויערל, פויערל, פויערל קליין!
לאָז זיך גלײַך צום שמידער גייִן!

מאַכט דער שמיד דאָך פילע זאַכן,
וועט ער דיר אַן אַקער מאַכן.

וועלן אַקער שלעפּן פערד
און צעאַקערן די ערד.

וועט די ערד דיר געבן ברויט,
וועט אין שטוב ניט זײַן קיין נויט.



# די באָבע

י. י. סיגאל

זיצט די באָבע בײַ דעם אויוון
און פּליקט פעדערן;
פעדערן פאַר קישעלאַך —
אַ קישעלע פאַר יעדערן.

מאַכן וועט די באָבעניו
קישעלאַך גאָר קלײנינקע;
פופּצן פּוכקע[1] קישעלאַך
פאַר אירע פופּצן אײניקלאַך.

וועלן אויף די קישעלאַך
ליגן קלײנע קעפּעלאַך;
קעפּעלאַך געשוירענע
און קעפּעלאַך מיט צעפּעלאַך.

זיצט די באָבע בײַ דעם אויוון
און פּליקט פעדערן.
פופּצן קלײנע קישעלאַך —
אַ קישעלע פאַר יעדערן

[1] ווייכע.

# מײַן ליוסי

ל. קוויטקאָ

סײַ דער טאַטע, סײַ די מאַמע
צו דער אַרבעט שוין אַוועק;
איז געבליבן איך און ליוסי —
איז נאָך ליוסי גאָר אַ שנעק[1].

וואָס איך טו נאָר, שלאָגט זי איבער;
אַרבעט האָב איך דאָך אַ גוואַלד:
נאָך פאַרענדיקן דאָס וועגל
און צו פאָרן נאָך אין וואַלד.

נאָר מײַן ליוסי שטערט די אַרבעט,
רײַסט פון הענט מיר דאָס געצײַג;
בין איך טאַקע, ווי געפּענטעט[2],
ווי אַ פויגל אין אַ שטײַג.

„ליוסי, ליוסי, נאַ אַ גלעקל!
נאַ אַ קעסטעלע מיט קנעפּ!
קוק, עס ווײנט דײַן שײנע ליאַלקע,
זי איז געפאַלן אויף די טרעפּ.“

שפּילט זיך ליוסי, שפּילט אַביסל,
איך פאַרענדיק דאַן מײַן שפּאַן;
שוין דאָס פערד געצוימט אין וועגל,
און דאָס בײַטשל אויך פאַראַן.

איצטער, ליוסי, קום זיך זעצן,
קריך אין וועגל אָט־אָ־דאָ!
וויאָ! אין שטאָט צו טאַטע מאַמע!
הײַדאַ, הײַדאַ, הײַדאַ, וויאָ!“

---

[1] קלײנינקע. [2] געבונדן.

# פּעטער איציע

(פון א. ספּיוואַק׳ס „שפּיל און אַרבעט“)

ס׳האָט זיך פּעטער איציע
אויסגעלערנט שניידערייַ,
מאַכט ער אַלטע קליידער,
פּונקט ווי שפּאָגל־נייַ.

קומט ער אין אַ דערפל אָן
מיט דער נאָדל־פאָדים,
הענגט ער אויס אַ שילדעלע:
„דאָ פאַריכט מען בגדים[1].“

אויסגעלאַטעוועט איין דאָרף,
גייט ער אין אַ צווייטן,
ביז ער לאָזט אַרויס פון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן.

[1] קליידער.



# אַ שוסטערל

בין איך מיר אַ שוסטערל,
רופט מען מיך רב מיכל;
נעם איך מיר אַזוי דעם נאָל
און שטעק אַריַין אין שיכל.

ווערט אין זויל אַ לעכעלע,
שטעק איך אָן אַ טשוועקל,
אָט־אַזוי און אָט־אַזוי
קלאַפּ איך מיט'ן העקל.

קליפּ און קלאַפּ!
קליפּ און קלאַפּ!
קלאַפּ איך מיט'ן העקל.



# אַ שנײַדערל

א. קאַצענעלסאָן

בין איך מיר אַ שנײַדערל,
רופט מען מיך רב גדול;
צי איך מיר אַזוי אַרײַן
אַ פאָדים אין אַ נאָדל.

כ׳מאַך אין עק אַ קניפּעלע —
נײַ און נײַ כסדר;
אָט־אַזוי און אָט־אַזוי
נײַ איך מיר די קליידער.

טורײַ—רײַ!
טורײַ—רײַ!
נײַ איך מיר די קליידער.



# אַ בעקערל

בין איך מיר אַ בעקרל,
רופט מען מיך רב לעמל;
קנעט איך מיר דאָס טייג גוט אוים
און שנייַד די ברויט און זעמל.

כ׳לייג זיי אויף דער לאָפּעטע,
געשוואָלענע פון הייוון;
אַט־אַזוי און אַט־אַזוי
רוק איך זיי אין אויוון.

באַלד אַרייַן
און באַלד אַרוים
הין און צוריק פון אויוון.

# נאַטור לידער

(פאַר אַלע דריי טיילן)

## דער פרילינג קומט



דער פרילינג קומט

# עפּנט טירן

פּרץ מאַרקיש

עפּנט טירן, קומט אין דרויסן,
רײַסט די פענסטער, ברעכט זײ אויס;
נעמט אַרײַן דעם גאַסט דעם גרויסן —
קומט אַנטקעגן אים אַרויס.

ס'איז הײַנט יום־טוב אין די גערטנער,
אויף די גאַסן, אומעטום;
ס'איז הײַנט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר,
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר, ווי די צווײַגן טרישטשען [1],
און דער טײַך — ווי שרײַט און ברומט;
הערט נאָר פײַפן, הערט נאָר סווישטשען [2] —
קומט אין דרויסן, גיכער קומט!

---

[1] קנאַקן. [2] פייפן.

# אַ גאַסט פּאָרט

מ. טייטש

אַ גאַסט פּאָרט, אַ גאַסט פּאָרט —
עפנט אַלע בראָמען [1]!
נישט אויף שליטן, נישט אויף רעדער —
טרעפט, ווי איז זײַן נאָמען?

אַ גאַסט פּאָרט, אַ גאַסט פּאָרט —
גייט אַרוים מיט פּאָנעם [2]:
פולע קעשענעס און הויפנס
ברענגט ער אונז מתנות.

נישט קײַן נים און נישט קײַן עפּל,
נישט אפילו באַרן —
און ער ברענגט אונז, און ער ברענגט אונז
פויגלאַך גאַנצע שאַרן.

נישט קײַן ביכלאַך, נישט קײַן צאַצקעס [3],
נישט אפילו שטריקלאַך, —
און ער ברענגט אונז, און ער ברענגט אונז
גראָז אויף אַלע בריקלאַך.

[1] טויערן. [2] פּלאַגן.
[3] שפּילכעלאַך.

גראָז אויף בריקלאַך, זאַמד אויף בערגלאַך,
וועלן מיר זיך שפּילן, —
אַז מיר ווילן, איז אין פערדלאַך,
און אויב נישט — אין מילן.

אויב אַזוי, איז נישט געשלאָפן —
קינדער, נעמט זיך, נעמט זיך!
אוי, דער רבי וואָלט אויך שפּילן,
נאָר דער רבי שעמט זיך.

אַ גאַסט פאָרט, אַ גאַסט פאָרט,
עפנט אַלע בראָמען!
נישט אויף שליטן, נישט אויף רעדער —
פ ר י ל י נ ג איז זיין נאָמען!

# אין אַ פּורים-טאָג

א. פייגעלעס

די זון איז אין דרויסן!
די זון איז אין דרויסן!
דער שנייִ ליגט שוין שיטער און בלאַס.
עס פּאַקט זיך דער ווינטער
אין וועג אין זײַן ווײַטן —
די וואַסערלאַך זינגען אין גאַס.

פּאָר־פּאָר, ליבער ווינטער!
גענוג דיר געזעסן,
גענוג דיר געשאָטן מיט שנייִ.
עס וואַרט שוין דער פרילינג
מיט זײַדענע לאָקן
און גאָלדענע שטראַלן אויף זיי.

ער שטייִט און ער שמייִכלט
פון הימל, פון בלויען,
און שעפּטשעט דורך שטראַלן: „איך גיי...“
אין וועג אַרײַן, ווינטער,
קלײַב־אויף דײַנע קלייִדער,
פאַרפּאַק שוין דײַן לעצט ביסל שנייִ.



# פרילינג, פרילינג

ש. פרוג

דאָס טײַבעלע וואָרקעט,
דאָס טײַבעלע רופט:
„שטײַט־אויף, קינדער, ליכטיק
און פריש איז די לופט!“

די פײגעלאַך זינגען
אין וואַלד און אין טאָל,
עס הערן זיך לידער
אַרום און אַ צאָל.

עס בליען די בוימער,
עס שפּראָצן די בלומען —
צו אונז איז דער פרילינג,
דער פרילינג געקומען.

די פישעלאַך שווימען
אַרויף אויף די וועלן —
זײ טאַנצן אין וואַסער,
זײ שפּרינגען און קוועלן.

דאָס טײַבעלע וואָרקעט,
דאָס טײַבעלע רופט:
„שטײַט־אויף, קינדער, ליכטיק
און פריש איז די לופט!“



# צווישי, צווישי

ל. קוויטקאָ

צווישי, צווישי, צווישעריי —
פרילינג קומט שוין אויפדאָסניי.
פייגל גרויסע, פייגל קליינע,
אַלע פריילאַכע און שיינע, —
קומען אָן מיט צווישעריי,
מיט׳ן פרילינג אויפדאָסניי.

— פון וואַנען פליט איר, חברה׳לייט?
— צווישי! צווישי! פון דער ווייט.
פון די וועלדער, פון די פעלדער,
פון די וואַרימע דרום־לענדער —
צווישי! צווישי! פון דער ווייט
צו אייך, קינדער, חברה׳לייט!



# ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע.

י. יאפע

ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע —
בינעלאַך און בלומען.
נענטער, ליבינקע, צו מיר —
דער פרילינג איז געקומען.

ווידער אין דעם וועלדעלע
יאָגן זיך און פלאַפלען[1];
ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע —
ס׳וועלן הערצלאַך צאַפלען!

ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע, —
ליפלאַך — פּאָמעראַנצן;
פרעם זײַ היַים צו מײַנע צו —
זאָלן קינדער טאַנצן!

[1] פלוידערן.



# גוט מאָרגן פֿייגעלע

נחום י.

גוט־מאָרגן, מאָרגן, פֿייגעלע,
נאָך גוט, וואָס דו ביסט דאָ;
איך בין דאָ איצטער גאָר אַליין
אין וואונדערלאַכער שעה.

אַ דאַנק דיר, ליבע פֿייגעלע,
אַ דאַנק פֿאַר דײַן ציף־ציף! —
וואָס ווייסטו, ווי ס'זינגט זיך גאָר
בײַ מיר איצט אין דער טיף?

אַ גאַנצע זון מיט ליכטיקײַט
איז איצט אין מיר אַרײַן,
אַ גאַנצע וועלט, אַ ליכטיקע,
דורכאוים פֿון לויטער שײַן.

און איך בין איצט דאָ גאָר אַליין
אין וואונדערלאַכער שעה —
גוט־מאָרגן, מאָרגן, פֿייגעלע,
ס'איז גוט, וואָס דו ביסט דאָ!



# דער פרילינג

פרץ הירשביין

דער פרילינג געקומען,
דער שניי איז צעגאַנגען —
זיצט אין אַ שטייַגל
אַ פויגל געפאַנגען.

עס קלינגט אויף די פעלדער
דעם שניטערס געזאַנגען —
זיצט אין אַ שטייַגל
אַ פויגל געפאַנגען.

פינסטער אין דרויסן,
די זון איז פאַרגאַנגען —
זיצט אין אַ שטייַגל
אַ פויגל געפאַנגען.

די נאַכט איז געקומען,
די פענסטער פאַרהאַנגען —
זיצט אין אַ שטייַגל
אַ פויגל געפאַנגען.

# באָבע כמאַרע

י ה ו אָ ש

קריכט די שוואַרצע באָבע כמאַרע [1],
ווערט זי וואָס אַ רגע [2] ברייִטער;
לויפט דער דונער אַ צעדרייִטער
מיט געפּילדער: מאַכט אַ וואַרע!

באָבע כמאַרע שלינגט דעם הימל,
און זי פאָכט מיט פײַער-ריטער;
לויפן רינדער [3] פון דעם פיטער,
לויפן שעפסן אין געווימל [4].

קומען קינדער הענדום-פענדום
צו דער מאַמע זיך באַשיצן;
באָבע כמאַרע מיט די בליצן
וויל די גאָרע וועלט פאַרלענדן [5].

פלוצים גיט אַ גאָס אַ רעגן;
לויפן קינדער צו די שוועלן,
זינגען טאַנצנדיק און קוועלן
פון דער באָבע כמאַרעס וועגן:

באָבע כמאַרע האָט ליב שפאַסן,
וואַרפט זי אָן אַ שרעק אויף קינדער,
שרעקט זי איבער שאָף און רינדער,
טרײַבט זי מענטשן פון די גאַסן.

און אינמיטן פון איר קנאַלן
טוילט זי אויס מיט פולע עמערס,
אַלדאָס גוטס צו אַלע נעמערס
און זי, גופא [6], ווערט פאַרפאַלן.

[1] וואָלקן. [2] אַ סעקונדע. [3] אָקסן, קי און קעלבלאַך. [4] געדרענג. [5] פאַר־ניכטן. [6] זי אַליין.

# באַלד וועט זײַן אַ רעגן

א. לוצקי

באַלד וועט זײַן אַ רעגן,
אַזוי דערציילט די גאַס.
קוקן אַלע הײַזער
דערשראָקענע און בלאַס.

טראָגט זיך אַ פּאַפּיר
און ליאַרעמט[1] אין דער גאַס:
גוואַלד! גוואַלד!
איך וועל ווערן נאַס!

קומט אַ זון פון הימל,
שטעלט זיך אָפּ אין גאַס
און לאַ—אַ—אַ—כט:
עס וועט נישט זײַן קײַן רעגן —
נאָר געמאַכט אַ שפּאַס.

[1] טומלט.

# פרילינג ליד

ש. פרוג

עס וואַרעמט זיך, עס פּיעשטשעט[1] זיך
דאָס גרינע אַקער־פעלד.
עס שפּראָצט אַרויס דאָס קערנדל,
דערזעט די ליבע וועלט.

דערפילט די זון, די ליכטיקע,
דעם פרישן, פרייַען ווינט —
עס ציט זיך צו דעם הימל־שייַן
און קוויקט זיך, ווי אַ קינד.

נענוג געלעגן טיף אין דר'ערד,
פון ליכט און לעבן ווייַט,
די גרויע טעג, די שוואַרצע נעכט —
די לאַנגע ווינטער־צייַט!

שפּראָצט אויף, איר זאַנגען גאָלדענע,
און פילט זיך אָן מיט זאַפט!
פאַרגיס, פאַרפליִיץ דאָס פרייַע פעלד,
אַ, יונגע, פרישע קראַפט!

דער פרילינג גייִט! ער בליצט, ער רוישט...
פאַרשוואינדן ווערן ווייַט
די גרויע טעג, די שוואַרצע נעכט —
די לאַנגע ווינטער־צייַט.

[1] ...עמט זיך איבער.

# אָט איז שוין געקומען פרילינג

ר. באַיאַרסקע

אָט איז שוין געקומען פרילינג,
און דער שניי הייבט־אָן צעגיין;
גיכער, קינדער, גיכער, קינדער,
אין דעם סעדל לאָמיר גיין.

אַלע ביימער שטייען נאַקעט,
נאַקעט, הויל, אין הוילער פרייד;
און די ברוינע, קליינע קנאָספּן[1]
גרייטן שוין אַ גריניק קלייד.

לאָזן זיך פאַנאַנדער קנאָספּן
אין פיל בלעטעלאַך אַרויס,
פון די בלעטלאַך ווערן בלעטער —
אַלע, אַלע ווערן גרויס.

העלע זון, און גרין, און פריילאַך,
און עס ווייט אַ שטילער ווינט;
פאַלן בליטן ווײַסע, ראָזע,
פאַלן, פליען הער און הין.

און אַ בעכערל פון בלומען,
אַ קליין ווײַנשעלע, זע, גרינט;
זע, עס ווערט אַלץ גרעסער, גרעסער,
אויף דער זון און אויפ'ן ווינט.

אָט פאַרפאַרבט זיך שוין אַ בעקל,
און אויף מאָרגן באַלד אַ צווייט;
שוסט אַ כאַפּ זיך צו די ווײַנשל, —
מער קיין גרינע — אַלע רויט!

[1] ניט קיין געעפנטע בלומען.

# פרילינג

ל. בערקאָוויטש

פון זײַן גרינעם לאַנד דעם ווײַטן
האָט דער פרילינג מיטגענומען
פולע קערב מיט ברוינע קנאָספּן [1]
און מיט שמעקנדיקע בלומען.

שוואַרצע פּעק אויף זײַנע פּלײצעס,
גרינע בלעטער, יונגע גראָזן, —
האָט ער עס, אַן אײַנגעמידטער,
אויף דער ערד אַראָפּגעלאָזן...

איז אויף דרעמלענדיקע בײמער
ווײַסע בליאונג אויפגעגאַנגען;
האָבן אינדערפרי די פײגל
אויפגעכאַפּט זיך מיט געזאַנגען.

האָבן פּויערים געאַקערט
און פאַרזײט די רונדע בײטן —
ברויט און גרינס פאַר אַלע מענטשן
אויפ׳ן ווינטער צו פאַרגרײטן.

האָבן אויסגעבריטע הינדלאַך
זיך געטוליעט צו דער מאַמען.
זײַנען טײַכעלאַך אַנטלאָפן
און עס אָפּדערצײלט די ים׳ען.

[1] ניט קיין געעפנטע בלומען.

# אַ רעגנדל

א. ניסענזאָן

אַ רעגנדל קאַפּעט,
אַ רעגנדל פאַלט, —
קומט, קינדערלאַך, לויפן
צום יונג־גרינעם וואַלד.

קומט, קינדערלאַך, לויפן,
קומט שפּילן זיך פרײַ;
עס וואַרט נאָך בײַ׳ם טײַכל
דער ליבינקער מאַי —

דאָרט פליסט זיך אַ טײַכל
אַ קלײנינקער שטיל,
און שעפּטשעט [1] אונז סודות
פאַרבאָרגענע [2] פיל...

און רופט אונז פון ווײַטן,
און ווינקט אונז, און ציט,
און זינגט אונז אַ פריילאַך,
אַ זומערדיק ליד...

קומט, קינדערלאַך, לויפן
צום יונג־גרינעם וואַלד —
אַ זומערדיק־וואַרימער
רעגנדל פאַלט...

---

[1] זאָגט זייער שטיל. [2] באַהאַלטענע.

# דער שטראָם [1]

אידאַ קאַזלאָווסקי (גלאַזער)

ווײַט אַוועק אין טיפֿן וואַלד
פֿליסט אַ זילבער־קלאָרער שטראָם.
לויפֿט ער טאָג און לויפֿט ער נאַכט.
שטראָם דו מײַנער, שטילער שטראָם, —
ווערסטו גאָר ניט מיד בײַנאַכט?

קרום געדרייט, אָט שמאָל, אָט ברייט,
וואַשט דער שטראָם דאָס געלע זאַמד.
שפּרינגט און שפּרינגט פֿון שטיין אויף שטיין.
שטראָם דו מײַנער, קליינער שטראָם, —
האָסט ניט מורא אין וואַלד אַליין?

הייסן גאָלד שפּרייט־אויס די זון
אויף זײַן קילער וואַסער־בעט;
אויף זײַן סאַמעט־ווייכן ברעג.
שטראָם דו מײַנער, שיינער שטראָם, —
וואוהין פֿאַרפֿירט דײַן שמאָלער וועג?

שטענדיק לויפֿסטו, לויפֿסטו, לויפֿסטו;
שטענדיק רעדסטו, רעדסטו, רעדסטו —
אַזאַ מאָדנע שפּראַך!
שטעל זיך אָפּ אַ ווײַלע, שטראָם, —
וואָס באַדײַט דײַן שפּראַך?

„באָל־ל־ל־באָב! באָב! באָל־ל־ל־באָב! באָב!“
ענטפֿערט אָפּ אויף שנעל דער שטראָם
און לויפֿט זיך ווײַטער אויף זײַן וועג.

---

[1] טײַכל.

# חנה׳לע

נחום י.

שטייען בײ׳ם טײַכל פאר׳חלומ׳ט
ביימער באַגאָסן מיט שײַן;
חנה׳לע זיצט לעבן טײַכל,
קוקט אין דעם וואַסער אַרײַן.



ערגעץ צעזינגט זיך אַ פויגל —
חנה׳לע חלומ׳ט און טראַכט,
נאָר אירע אייגעלאַך פינקלען,
שײַנען, ווי שטערן בײַנאַכט.

חנה׳לע ווייס, אַז דער פויגל
זינגט דאָס זײַן לידל פאַר איר,—
זיצט זי אַ שטילע בײ׳ם טײַכל,
גיט זיך פון אָרט ניט אַ ריר.

לאַנג שוין דער פויגל אַנטשוויגן,
חנה׳לע הערט זיך נאָך אײַן...
דרימלט דאָס וואַסער אין טײַכל,
דרימלען די ביימער אין שײַן.

# פריילאַכע פישעלאַך

ד. טשאַרני

די פישעלאַך שטיפן
אין טײַכל דעם קלײנעם;
זײ דרײען זיך פרײלאַך
אַרום דאָרט אינאײנעם.

אַ שפרונג פון דעם טײַכל,
אַ טונק זיך צום אָפגרונט —
און ס׳בליצן, ווי גינגאָלד,
אַ רוקן, אַ בײַכל.

זײ פּאַטשן דעם וואַסער
מיט זילבערנע עקלאַך —
גײט, קינדער, און וואַרפט זײ
אין טײַכעלע ברעקלאַך.





זומער אין דרויסן



# קומט דער ליבער זומער

פֿאָלקס־ליד

קומט דער ליבער זומער,
שפּילן מיר אין זאַמד ;
וואו ס'איז אונזער וואוינונג,
דאָרט איז אונזער לאַנד.

שוואַרצע קאַרשן רײַסן מיר,
רויטע לאָזן מיר שטײן ;
גוטע קינדער נעמען מיר,
שלעכטע לאָזן מיר גײן.

# קינדער, הערט!

ל. ניידוס

קינדער, הערט! איר ווילט מיך פאָלגן —
זעט, ווי פריש עס איז דער סאָד[1]!
נעמט זיך אַלע פאַר די הענטלאַך,
לאָמיר גייַן אַ קאַראַהאָד[2]!
אָט־אַזוי און אָט־אַזוי,
לאָמיר גייַן אַ קאַראַהאָד!

וואָס־זשע שטייסטו, ווי אַ גולם[3]?
בערל, יאָסל, נו, געשווינט,
הייַ, אַ הויב די פיסלאַך, עולם,
אַזש אַ פאָך טאָן זאָל אַ ווינט!
אָט־אַזוי און אָט־אַזוי,
אַזש אַ פאָך טאָן זאָל אַ ווינט!

כאַ־כאַ־כאַ! דער פויגל שרעקט זיך,
און די ביימער קוקן אָן —
טאַנצט־זשע האַסטיקער, און יעדער
זאָל זיך ווייַזן, וואָס ער קאָן.

איצט לאָזט לאַנגזאַמער די פיסלאַך
און שטעלט־אָפּ די טאַנצערייַ;
לאָמיר אָפּרוען צוביסלאַך
און דערנאָכדעם אויפדאָסנייַ.
אָט־אַזוי און אָט־אַזוי,
און דערנאָכדעם אויפדאָסנייַ.

---

[1] פרוכט־גאָרטן. [2] אַ ראָנד־טאַנץ. [3] גלאָמפּ, אידיאָט, לעקיש.

# זומער רעגן

ב. ביאַלאָסטאָצקי

זומער־רעגן, זומער־רעגן,
טאַנצן קינדער אים אַנטקעגן.
בלעזלען זיך די שטעגן־וועגן,

ציט אַ לײַכטער וואָלקן אויבן;
בליצן אײַנגעלאַך — רעגנבויגנס —
אויסגעוואַשן אַלע שטויבן.

טריפּ־טראָפּ, טריפּ־טראָפּ — פאַלט דער רעגן
אויף די מעזשעס[1] אויף די בײַטן, —
וואַשט ער אוים אַ גרינעם דעק־טוך
אַלע לאָנקעס צו פאַרשפּרײַטן.

עפנט זיך דער מאָן אין גאָרטן,
גײַט־אויף הויך אין פעלד דער קאָרן;
פּאַטשן הענטלאַך — קלײנע קינדער
ווערן גרויס אויף לאַנגע יאָרן.

רויטע עפּל, פולע זאַנגען,
לײַכט און לײַכטער צו געדײַען, —
וועלן וואַקסן קלײנע קינדער,
קײנמאָל ניט פון ווײ צו שרײַען...

זומער־רעגן, זומער־רעגן,
טאַנצן קינדער אים אַנטקעגן.

[1] צעטיילטע שטיקער ערד.



# טאַנץ-ליד

י. פיכמאַן

די גרעזעלאַך בליען
אין וואַלד אַלע גלייַך,
אַ קינד מוז זייַן פרייִלאַך —
צי אָרים, צי רייַך.

די טייַבלאַך ברומען
אַראָפּ פון דעם דאַך —
וואויל דעם, וואָס באַגערט ניט
קיין רייַכקייַט אַ סך.

די זון שיקט אונז אַלע
איר ברכה, איר שייַן —
צי דאַרף מען דען גיטער[1]
אויף גליקלאַך צו זייַן?

וואויל דעם, וואָס פאַרמאָגט נאָר
אַ האַרץ גוט און פרום,
און אויגן, וואָס קוקן
אויף קיינעם ניט קרום.

וואויל דעם, וואָס די תורה,
בייַטאָג און בייַנאַכט,
מאַכט לוסטיג זייַן לעבן,
זייַן האַרץ פרייִלאַך מאַכט.

מיר אָבער זייַנען
נאָך קינדערלאַך קלייִן;
אונז פּאַסט נאָר זייַן פרייִלאַך
און טאַנצן צו גייִן.

אונז פּאַסט נאָר זיך דרייִען
ראָד־אויס און ראָד־איין —
אַז וואויל איז אונז אידישע
קינדער צו זייַן.

---

[1] מאַיאָנטקעס, פּאַלאַצן.



# ניט געשלאָפן, נאָר געוואַכט

(די קינדער פון אידישע שולן אַ מתנה) יהואָש

אויפ'ן קוימען, אויפ'ן דאַך,
האַלטן קלײנע פײגלאַך וואַך,
מיט די אײגלאַך ווינקען זײ,
פון לבנה טרינקען זײ.

אָט־אַזוי די גאַנצע נאַכט —
ניט געשלאָפן, נאָר געוואַכט,
ביז דער הימל צינדט זיך אָן,
ווי דער קאַם בײ'ם רויטן האָן.

בײמער שטײען לעבן שליאַך[1],
האָבן זײ אַזאַ מין שפּראַך;
ווײט אַ ווינטל — הוידען זײ,
גײט אַ רעגן — סוד'ען זײ.

אָט־אַזוי די גאַנצע נאַכט,
ניט געשלאָפן, נאָר געוואַכט,
ביז דער הימל צינדט זיך אָן,
ווי דער קאַם בײ'ם רויטן האָן.

---

[1] וועג.



# זומער

ש. פרוג

אויף די גערטנער, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען;
ווי די פרייִע, בלויע וועלן [1] —
רוישן, גיסן זיך און קלינגען.

און אַ פרישן קראַנץ פון זאַנגען,
פרײַ פון טרויער און פון קומער [2] —
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
שוועבט דער שיינער, ליבער זומער.

אויף די ביימער, וועלכע שטייען
שוין באַוואַקסן און באַהאַנגען;
אויף די פרײַע גרינע פעלדער,
וואו די הויכע, שיינע זאַנגען

בויגן־אָן די שטאָלצע קעפּלאַך
איינס צום אַנדערן און זשומען:
— אַך, ווען וועלן זיי, ווען וועלן שוין
צו אונז די שניטער קומען?

און די שניטער גייען, אײַלן...
סערפּעס [3], קאָסעס [4] גלאַנצן, קלינגען...
אויף די טאָלן אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען.

[1] כוואַליעס. [2] זאָרג. [3] האַלב־רונדער מעסער. [4] אַ לאַנגער מעסער צו שנײַדן גראָז.



# זון אונטערגאַנג

ב. סענטער

מאַמע, היינט האָב איך געזען,
ווי עס איז פאַרנאַכט געוואָרן:
אַ צעגליטע, ווי דאָס פייער
ביי דעם שמיד אין האָרן,
איז די זון געווען.

און טיפער, טיפער
צו דער ערד—איז זי געזונקען—
און ניט געוואָרן מיטאַמאָל.
האָבן שטערן זיך באַוויזן —
שטערן, שטערן אָן אַ צאָל.

זאָג, מאַמעניו, דעם אמת,
איז עס טאַקע אָט־אַזוי?
אַז אין מערב אין אַ ווינקל
שטייט אַ שמיד מיט האַמערס צוויי,
און מיט יעדן קלאַפּ פון האַמער
שפּריצן פונקען, פינקלען, פליען —
ווערן פון די פונקען שטערן,
שיינען זיי דאָס און זיי גליען[1]? —
איז דאָס אמת, מאַמע?

[1] ברענען.

# זומער־פויגל

י. אדלער

שײַן און וואַרעם איז אינדרויסן;
אין די גערטנער שטייען ביימער,
אויסגעפּוצט אין ווײַסע צווײַטן,
אָנגעפילט מיט נײַע כוחות;
און די זאַפּטיק־פולע צווײַגלאַך
ציען צו די בלויע הימלען.

אָט באַווײַזט זיך גאָר אַ שײנער,
רויט־געפלעקטער זומער־פויגל;

איך און איציק —
אונזער שכנ׳ס אײנציק אינגל —
לויפן האַסטיק[1] מיט די היטלען
און מיר וואַרפן זײ אין לויפן —
און ניט אַנדערש, ווי נאָר כאַפּן
ווילן מיר דעם זומער־פויגל.

און אָט שטעלט זיך אָפּ דער פויגל
בײַ דעם פּלויט[2] פון אונזער גערטל;
און מיר בײדע, איך און איציק,
לויפן ווידער מיט די היטלען;
און עס פליט שוין איציק׳ס היטל.

איצטער איז שוין איציק זיכער,
אַז ער האָט געכאַפּט דעם פויגל.
לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, גאָר פּאַמעלאַך,
הויבט מײַן חבר אויף דאָס היטל.

[1] שנעל, גיך, געשווינד. [2] צאַם, פּאַרקאַן.

ערשט — דאָס היטל איז גאָר ליידיק.
און איך לאַך מיך שטאַרק פֿאַנאַנדער.
לעקיש [3] איינער! גולם [4] איינער!
זעסט ניט, שוטה [5], ווי דער פֿויגל
פֿלאַטערט אום שוין ביי די קוסטן [6]?

און מיין חבר, אַ פֿאַרשעמטער,
קוקט אויף מיר אַ ביסל ברוגז;
און זיין קעפּל איז צעשויבערט [7],
און די אייגלאַך זיינע גלאַנצן,
און די בעקלאַך, דאַכט זיך, בליען,
און דאָס הערצל הייבט זיך האַסטיק,

און ער סאָפּעט [8] שטאַרק פֿאַרמאַטערט.
און איך הער ניט אויף צו לאַכן,
און איך רייץ אים:
לעקיש איינער! גולם איינער!
נו, געכאַפּט דעם זומער־פֿויגל?

[3] נאַר, גלאָמפּ. [4] לעקיש, אידיאָט. [5] נאַר. [6] „בושעס". [7] די האָר צעוואָרפֿן. [8] אָטעמט שווער.

# בלומען

מ. בראָדערזאָן

פעלדער גרינען, וועלדער רוישן,
גייען מיר מיט פולע קוישן[1]
בלומען אָן אַ שיעור.
גייען מיר אַרומגענומען
און באַקראַנצט מיט יונגע
בלומען
אין דעם בונטן[2] ציר...

זינגען, שפּרינגען מיר און טאַנצן,
און פון גליק די אויגן גלאַנצן
בלומענדיק און ריין.
ווער באַקראַנצט וויל זײַן
פון בלומען,
זאָל צו אונז, צו אונז
זאָל קומען,
קומען זאָל צוגיין!

מיר'ן אָפּגעבן אינגאַנצן
און אין פעלדער ווײַטער טאַנצן,
לאָזן ווײַט זיך גיין!
לאָזן גיין זיך גיך, געשווינדער,
ווײַל מיר זײַנען אַלע קינדער—
בלימעלאַך אַליין!



[1] קעלבלאַך. [2] פּיל־פּאַרביקן.

# מײַן באַגריסונג

מ. סטרוגאַטש

בײַ מײַן פֿענסטער איז אַ גאָרטן,
און איך האָב פֿאַרזײַיט דאָרט
בלומען,
זײַנען פֿײגעלאַך אַהינצו
הײַנט צום ערשטן מאָל געקומען.

װעל איך באַלד אַרױס אין גאָרטן
מײַנע בלומען פֿריש באַגיסן,
װעל איך שױן אין אײַנװעגס
דאָרטן
מײַנע ליבע געסט באַגריסן.

כ'װעל אַרױס צו זײ און זאָגן:
„אַ גוט־מאָרגן, ליבע געסט!
ס'איז מײַן גאָרטן פֿאַר אײַך אָפֿן,
בױט אײַך דאָרטן אײַער נעסט.

איר װעט קענען לוסטיק[1]
זינגען,
פֿרײַ דאָ שפּרינגען,
אומגעשטערט,
װאַסער װעט דער טױ אײַך
געבן,
קערנדלאַך — די ערד.

ס'איז מײַן גאָרטן פֿאַר אײַך אָפֿן,
און איר קענט דאָ רואיק לעבן.
ס'װעט אײַך קײנער דאָ
ניט יאָגן,—
איך אַלײן װעל אַכטונג געבן!"



[1] פֿרײלאַך.

# מײַן גאָרטן

ח. נ. ביאַליק

ווילט איר, אפשר, זײַן אַ בעלן[1]
אָנקוקן מײַן שיינעם גאָרטן —
זײַט־זשע מוחל, קומט אַרויס,
קוקט אים אָן — אָט שטייט ער דאָרטן.

אָן עין־הרע[2] גרויס און רײַך,
כ׳זאָג אײַך, איינער אינ׳ם שטעטל.
זעט נאָר, ווי עס קוועלט אין אים
יעדער בוים און יעדעם בלעטל.

אויסגעצוואָגן פון דעם טוי,
פון די שטראַלן אויסגעבאָדן,
שטייען ביימער אַלערליי
מיט די פּירות[3] אָנגעלאָדן.

שווערע עפּל, רויטע עפּל
בויגן צו דער ערד די צווײַגן;
און די באַרן — זעט נאָר באַרן —
הענגען שטיל זיך דאָרט און שווײַגן.

שוואַרצע ווײַנשל בלינצלען עפּעס
ממזר׳ש[4], גנבה׳ש, ווי מיט אויגן;
נו, און פלוימען — אָט־די פלוימען —
מיט אַ בלויען הויך[5] באַצויגן.

יאָ, אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען,
כ׳האָב אַ רײַכן, שיינעם גאָרטן!
אָן עין־הרע אָנגעפּאַקט
פּירות, פּרוכט מכל הסאָרטן[6].

---

[1] אַ קונד, אַ נײַגעריקער. [2] קיין בייז אויג. [3] פּרוכט. [4] פאַרשייט, שטיפעריש. [5] טוי. [6] פאַרשיידענע מינים.



# אונזער גערטנדל

מ. טייטש

האָבן מיר אַ גערטנדל,
זייען מיר דאָרט מערן,
וואַקסן־אויס די מערן גרויס —
אַט אַזוי ווי בערן.

האָבן מיר אַ גערטנדל,
זייען מיר דאָרט ריבן,
וואַקסן אויס די ריבן גרויס —
אַט אַזוי ווי שטיבן.

האָבן מיר אַ גערטנדל,
זייען מיר דאָרט רעטאַך,
וואַקסן־אויס די רעטאַך גרויס —
ווי זאָל איך אייַך זאָגן?
יעדער רעטאַך, ווי אַ פּעטאַך [1],
און דער עיקר — ביטער,
אַז עס כאַפּט אַ ציטער!

[1] אַ וואָרט בלויז צום גראַם.



# עפּל בײמעלע

ע. עפּשטײן

אין גאָרטן שטײט אַ בײמעלע
מיט בלימעלאַך באַדעקט.
„דו װעסט אונז געבן עפּעלאַך?" —
האָב איך בײַ אים געפרעגט.

„איך װעל דיר געבן, טײַערע,
פיל עפּל אָן אַ צאָל,
נאָר בעט דעם בײזן װינטעלע,
אַז ער ניט בלאָזן זאָל!"

„דו װינטעלע, דו טײַערער,
דו בלאָז דאָ ניט אַרײַן;
ס'איז אַ שאָד די בלימעלאַך —
עס װעלן עפּל זײַן!"



# זון און הימל

יצחק קאַצענעלסאָן

זון און הימל! זון און הימל!
שיק אונז, שיק אונז ליכט אַ סך, —
ליכט אויף בערג און ליכט אויף גריבער,
ליכט אין שטוב, ווי אויפ'ן דאַך.

זון און הימל! שיק דיין ליכט אונז
פאַר דעם פויגל אויפ'ן צווייג;
פאַר דעם לעמעלע אין שטעלכל,
פאַר דעם הינדעלע אין שטייג.

שיק דיין ליכט פאַר אַלץ, וואָס אָטעמט
אין דער שטאָט און אויפ'ן פעלד!
פאַר די מענטשן און פאַר גראָזן —
פאַר דער גאַנצער, גרויסער וועלט!



# קום אין וואַלד

ש. פרוג

ליכטיק שײַנט
דער אָוונט־שטערן;
שאָטנס ליגן אויף
די פעלדער; —
פײַכטע[1] קילקײַט ווײַט[2]
און גיסט זיך
פון די גערטנער, פון
די וועלדער.

און די גרויסע, אַלטע בײַמער
שאָקלען מיט די גרינע
בלעטער;
און מיר דוכט זיך, אַז
זײַ רוישן:
„זע, ווי פריש דאָ איז
דאָס וועטער!"

„טראָפּנס טוי, ווי טרערן, גלאַנצן
אין די לעצטע אָוונט־שטראַלן;
אין די פײַכטע, גרינע טאָלן
שלאָגן פרישע, קאַלטע קוואַלן.

„קום אַרײַן אין וואַלד! מיר וועלן
דיך דערפרישן און דערקרעפטן[3];
ווי מיט ווײַכע, דינע פעדים,
דיך באַשפּינען און באַהעפטן[4]...

„מיט אַ שטילן, זיסן דרימל
וועלן מיר דײַן האַרץ באַווײַען;
מיט אַ ליבן, זיסן חלום —
דיך דערקוויקן און דערפרײַען..."

[1] נאַסע. [2] בלאָזט. [3] שטאַרקער מאַכן. [4] פאַרבונדן.

# אויפ׳ן וועג צום גליק

י. ה. ראַדאָשיצקי

דורך די גאַסן, דורך די סקווערן
שפּרייזן קינדער מיט געזאַנגען,
פול מיט ביכער אָנגעהאַנגען.

יאַטלאַך [1] שפּאַנען פריש און לופטיק,
מיט געלעכטער, רײַן און ציכטיק,
פול מיט לוסט און פול באַגערן —
אײַלנדיק אין שול.

און די פיסלאַך פּײַקלען ריטמיש: —
„אַ גוט־מאָרגן וועלט דער שײנער!" —
שפּאַנען זײ צום טאַקט.

און די זון שײַנט אַ צעשטראַלטע
פון דעם הימל קלאָרן, רײנעם,
פאַר׳ן יונגן טאָג דעם שײנעם, —
זינגט מיט ליכט און פרייד:

„מאַכט אַ װאַרע [2] קינדער גײען!
שטיפער יונגע, רײ נאָך רײען,
טרינקען פון גאָט׳ס ליכט!"

און די גאַסן האָרכן, האָרכן,
ווי די יונגע פיסלאַך שאָרכן [3]
— אויסעט טענער פול מוזיק —
אויפ׳ן וועג צום גליק!

[1] קלײנע קינדער. [2] פּלאַץ. [3] שאַרן.

# ריטשקעס

(פון א. ספּיוואַק'ס „שפּיל און ארבעט")

מאַרש אַראָפּ[1] די שיך און זאָקן!
ריטשקעס[2], ריטשקעס אָן אַ שיעור!
לאָזט די קעסטעלאַך און שפּענדלאַך
און די שיפלאַך פון פּאַפּיר!

העכער קני פאַרוקט די הױזלאַך,
מיט די ריטשקעס לױפן גלײַך!
— װער װעט שפּאַנען זיך אין פערדלאַך,
װער װעט גיכער זײַן בײַ'ם טײַך?

[1] װאַרפט אַראָפּ גיד. [2] טײַכלעך.

# קינדער־יאָרן

מאָריס ראָזענפעלד

פאַר'ן ציימל נעם מיך, מאַטקע!
איך וועל זיין דיין פערד!
נעם דעם שטריקל פאַר אַ לייץ,
דעם שטעקל — פאַר אַ שווערד!

מארש [1] אַהין, אויף יענע בערגלאַך
אין דער פרייער לופט;
איצקע וואַרט שוין מיט אַ באַנדע —
הערסטו, ווי ער רופט?

קינדער, ניט פאַרגעסט די פייפלאַך,
וואָס איר האָט געמאַכט! —
פרעגט נאָר בערקען, האָט ער אַלע
צווייגלאַך שוין געבראַכט? —

מאַכט זיך גרייט צו לויפן, קינדער,
גיכער, נו, גאַלאָפּ!
ווייטער, ווייטער, גייט עם שנעלער
פלינקער — באַרג־אַראָפּ.

היט זיך, ניט צעברעכט די קריגלאַך!
רואיק, מאַכט קיין גוואַלד!
ווייסט איר, וואו די יאַגדעס וואַקסן
אין דעם טיפן וואַלד?

קינדער, נעמט זיך פאַר די פאָלעס!
יודקע, גיי פאָרויס! —
דאָ איז לייכט צו בלאָנדזשען, קינדער,
אונזער וואַלד איז גרויס!

---

[1] גייט שנעל.



# צו אַ זילבער וואָלקן

י. אַדלער

זילבער-וואָלקן,
פּערל-וואָלקן,
נישט געאײַלט זיך,
נישט געלאָפֿן!
שטעל זיך אָפּ נאָר
אויף אַ רגע[1]!
כ׳וויל אַ טובה
בײַ דיר בעטן:

ווען דו וועסט נאָר
איבערשווימען
יענע הויכע,
בלויע פעלזן[2]
וועלכע דרימלען
אין די פעלדער
אין די נעפּלען;
מיט די יונגע
קאָרן-זאַנגען;
און די טײַכלאַך
מיט די דראָבנע
זילבער-וועלן;
און דעם גרויסן
ים דעם טיפן, —
זאָלסטו קומען
אין מײַן שטעטל,
אין דעם שטילן,
אין דעם שײַנעם,
וואו די ווײַסע,
קלײנע הײַזלאַך
מיט די גרויע
שינדל-דעכער
שטײען אין די
גרינע גערטלאַך
אויסגעצירטע מיט:
קאַרשנבײמער,
עפּלביימער,
באַרנבײמער
און מיט הויכע
און מיט שלאַנקע
טענענבײמער.

[1] אַ סעקונדע. [2] הויכע שטײנער.

דאָרטן, אין דעם
שטילן שטעטל,
אין אַ הײַזל,
האַלב־צעבראָכן,
מיט פאַרקלעפּטע
קליינע שײַבלאַך,
מיט אַ ברונעם
אין דעם גערטל
און אַ קאַשטן־בוים
בײַ׳ם ברונעם,
און אַן עפּל־בוים
בײַ׳ם פענסטער, —
אָט אין דעם־אָ
אַלטן הײַזל
זיצט מײַן גוטע,
טרײַע מאַמע
מיט פאַרוויינטע
אַלטע אויגן
און מיט קנײטשן
אויף דעם פּנים,
און מיט בלאַסע
טויטע ליפּן,
און אַ האַרץ
מיט טיפע וואונדן,
אַן אַלמנה[3],
אַ פאַרצאָגטע[4]!
ווען דו ועסט, אָ,
זילבער־וואָלקן,
זען מײַן ליבע,
גוטע מאַמען —
גרים איר האַרציק
אין מײַן נאָמען!
און פאַרגעס ניט,
זילבער־וואָלקן,
איר צו זאָגן,
אַז מיר בענקט זיך
נאָך דעם שטילן,
נאָך דעם ליבן
קלײנעם שטעטל,
וואו מײַן וויגל
איז געשטאַנען,
וואו זי האָט מיך
אײַנגעשלעפערט
מיט אַ זיסן קינדער־לידל!

[3] אַ פרוי, ביי וועלכער ס׳איז געשטאָרבן דער מאַן. [4] אַ פאַרזאָרגטע.

# דאָס געבעט

א. רייזען

עס הערט זיך דער דונער פון ווײַטן,
עס בלענדט אין די אויגן דער בליץ.
אָ, גאָט, האָב רחמנות, די אָרימע
פון בײַזן געוויטער [1] באַשיץ —

וואָס אַרבעטן שווער אויף די פעלדער,
געפינען זיך ווײַט פון דער הײַם,
און האָבן קײַן אָרט, וואו צו שיצן,
קײַן שײַער [2], קײַן דעכל, קײַן בוים!

וואָס זײַנען אַוועק אונטערוועגנס,
די פורן מיט משא [3] פאַרלײַגט;
און ווײַט איז פאַר זײ נאָך אַ קרעטשמע [4],
און ווערן פון רעגן צעווײקט,

וואָס שטײען אין מאַרק מיט די קוישן [5]:
מיט עפל, מיט גרינס און מיט ברויט;
און אַלע, וואָס זײַנען איצט דרויסן,
וואָס ס׳טרײַבט זײ דער הונגער און נויט.

און אַלע, וואָס זײַנען פאַרוואָגלט [6],
וואָס האָבן קײַן ווינקעלע ניט, —
די אַלע פון בײַזן געוויטער
באַשירעם זײ, גאָט, און באַהיט!

---

[1] שטורם. [2] אַ געביידע, וואו מען לייגט אָפּ תבואה. [3] לאַסט. [4] איינ־פאָר הויז. [5] קערב. [6] פאַרוואָרפן, אָן אַ היים.

# זומער

י. קאַצענעלסאָן

דער ליבער זומער
איז אַוועק;
רעגנס קאַפּען
גאַנצע טעג.
נאַסע ווינטלאַך
בלאָזן קאַלט,
טרײַבן פֿײגל
פֿונ׳ם וואַלד.

פֿײגעלאַך, פֿײגעלאַך,
פֿליט מיט גליק,
געזונטערהייט, נאָר
קומט צוריק!



האַרבסט־הימלען



# ווײַסע וואָלקנדלאַך

אברהם רייזען

די ווײַסע וואָלקנדלאַך
אין לופטן שפּילן זיך;

און פֿרײַ באַוועגן זיך,
און וואו זיי ווילן זיך;

אַלײן ניט ווינדיק,
וואוהין זיי צילן זיך.

דער הימל אויסגעשפּרײט,
דער רוים — אַ ציכטיקער;

די זון — אַ פֿרײלאַכע,
דער טאָג — אַ ליכטיקער;

און וואו זיי גײען, איז
דער וועג אַ ריכטיקער.



# אַזאַ פויגל

י. י. סיגאַל

אויף אַ צווייַגל
פון אַ ביימל
שטייט אַ פויגל,
הייסט ער?...
זאָל ער הייסן: לײמל...
קוקט דער פויגל
טאַמעוואַטע[1]:
— מאַמע?
טאַטע?

— וואָסער מאַמע?
— וואָסער טאַטע?
פויגל,
זייַ ניט טאַמעוואַטע!

זעסט ניט?
האָסטו ניט קיין אויגן?
אַלע זייַנען
זיך צעפלויגן...

און די זון
האָט קאַלטע שטראַלן;
און די בלעטער
פאַלן, פאַלן...

קוק ניט,
פרעג ניט —
קיין שום עצות.
נעם די פליגל
אויף די פלייצעס
און געזונט זייַ,
און געזעגנט,
דו ווערסט פאַרעגנט.
איידער נאָך

[1] אַ לעקיש, אַ נאַר, אַ גולם.



# האַרבסט

א. רייזען

ס'איז דער האַרבסט געקומען,
ס'ווועלקן [1] בוים און בלום;
טויטע, געלע בלעטער
וואַלגערן זיך אום.

ס'קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פּייַפט אַ לידל צו;
און די אָרימע בלעטער
האָבן ניט קיין רו.

הויבן זיך און טאַנצן
טויטערהייַט, אַן מאַכט;
און דער ווינט, דער בייזער,
פּייַפט און שפּילט און לאַכט.

[1] ווערן פאַרטריקנט, פאַרשמאַכט.

# האַרבסט

י. ראַווין

קומט דער האַרבסט, קומט דער האַרבסט,
שטייִען ביימער גרייט;
הענגען זייערע צווייַגלאַך
פול מיט עפל רויטע.

גיי איך צו די עפּעלאַך,
זאָג זיי: „אַ גוט־מאָרגן!
זייַט איר ניט קייַן שלעכטינקע,
וועט איר אייַנס מיר באָרגן?"



# די בלומען אין האַרבסט

דניאל טשאַרני



אוי, איז דאָס געווען
הײַנט אַ שווערע נאַכט:
קיינער האָט פון אונז
קיין אויג ניט צוגעמאַכט.

ס'האָט אַזוי געשמיסן
אונז דער קאַלטער ווינט,
האָט געפּליקט, געריסן
יעדעם בלומען־קינד!

ס'האָט אַזוי דער רעגן
אונז גענעצט, געווייקט,
און די נאַסע קעפּלאַך
ביז דער ערד געבייגט!

זעט, וואָס ס'איז געוואָרן
ווי מיר זײַנען נאַס;
אײַנגעבויגן אַלע
אומעטיק און בלאַס.

און די שיינע קליידער —
ווי זיי זעען אויס!
אָפּגעריסן אַלע,
ס'הענגען שטיקער בלויז.

ס'גייט דער האַרבסט, דער טריבער,
מיט זײַן שאַרפן שווערד,
ס'פאַלט פון אים אַ שאָטן
אויף דער פײַכטער ערד!"

# דער ווינט, דער לײדיק־גײער

משה נאַדיר

קלינגל־ווינגל פֿאָרט דער ווינט
אויף אַ שטילן לאַנדאַלינט,
שפּילט זיך נאָר מיט ווילדע זאַכן
און ער וויל קײן מאָל נישט מאַכן.

וואַרטן מילן אויף זײן קומען
(האָבן שוין זײן קול פֿאַרנומען!)
ער זאָל מאָלן מאָל אײן מיל —
און די רעדער שטײען שטיל.

קלינגל־ווינגל פֿאָרט דער ווינט
אויף אַ שטילן לאַנדאַלינט,
פֿלידער־פֿלעדער פֿליט ער אום
און ער זאַמט זיך אומעטום.

אויף דער ברײטער, לאַנגער גאַס
לויפֿט ער אומעט פּוסטע־פּאַס;
וויל אין חדר דאָך נישט גײן —
שטיפֿט אַרום מיט גרויס און קלײן.



# גיס רעגנדל

א. פייגעלעס

גיס, רעגנדל, גיס, רעגנדל!
טאַנץ, וואַסערל, אויף דר׳ערד.
היי, ריטשקעלאַך [1], היי, טונקעלע,
פאַרגרעסערט זיך, פאַרמערט!

ניטאָ קיין זון אין האַרבסט־רעגן,
דער הימל איז ווי ווי בליי!
נאָר לויפן קענען וואַסערלאַך
אין האַרבסט אפילו פריי!

גיס, רעגנדל, לויף, וואַסערל,
פיל־אָן די לופט מיט קלאַנג!
איצט זינגט די האַרבסט־קאַפעליע נאָר,
איצט פליסט דער האַרבסט־געזאַנג.




[1] טייכלאַך.



דער פעטער שנייִער

# דער ווינטער

א. וואַרשאַווסקי

אוי, העלפט מיר, קינדער, אונטער, —
קײַן כוחות איז ניטאָ...
געקומען איז דער ווינטער,
דער ווינטער איז שוין דאָ!

ער פרעגט קיינעם קײַן דעות[1],
ער קומט ווי צו זיך אַהיים,
מיט דער ווײַסער באָרד און פאות,
מיט דער ווײַסער, גרויסער ברעם.

דורך טאָל און וועלדער יאָגט ער,
געהויקערט צו דער ערד;
מיט זיך אַ בעזים טראָגט ער —
און קערט, און קערט, און קערט!

מיט שנײַ געבעט די פעלדער,
פאַרפרוירן שטייט דער וואַלד,
די פעלדער און די וועלדער —
זײַ ברומען: קאַלט... ס׳איז קאַלט!...

אוי, העלפט מיר, קינדער, אונטער, —
קײַן כוחות איז ניטאָ...
געקומען איז דער ווינטער,
דער ווינטער איז שוין דאָ!

[1] קיין מיינונג, קיין עצות.



# שנייעלאַך

א. פייגעלעם

שנייעלאַך, שנייעלאַך
פלאַטערן[1], דרייען זיך,
האַלזן זיך, קושן זיך
ליב און צעגייען זיך.

הימלשע טײַבעלאַך
טאַנצן און נויגן זיך.
קוקט אויף זיי, קוקט אויף זיי—
זעט, זיי צעלייגן זיך!

לאַכן זיי, זינגען זיי,
קלאָר־ווײַסע, שטראַלנדיק:
אָט־אַזוי, לעבן מיר —
פליענדיק, פאַלנדיק...

---

[1] פליען ציטערדיק.



# שנייעלע שנייעלע

מאני לייב

שנייִעלע, שנייִעלע, ווײַסינקער, שיט
אונטער די שליטעלאַך, אונטער די טריט.

קינדערלאַך, אינגעלאַך, מאַרש אין גאַלאָפּ,
גליטשיק דאָס שטעגעלע, בערגל־אַראָפּ.

גליטשיק דאָס שטעגעלע, אַזש ביז׳ן טאָל;
קינדערלאַך, אינגעלאַך, אײנס — מיט אַמאָל.

ווינטעלע, ווינטעלע, בלאָז ניט אַזוי;
אונזערע היטעלאַך וואַרף ניט אין שנייִ;

אונזערע היטעלאַך אײנס אין דער וועלט —
פון אונזער מאַמעניו חנוכה־געלט.

וועט אונזער מאַמעניו האָבן פיל צער,
וועט אונז דער טאַטעניו שמײַסן דערפאַר.

# מלך ווינטער

יהואש

איז דער שניי אַרומגעפלויגן
מיט דער נאַכט דורך אַלע מערק,
איר געבלענדט די שוואַרצע אויגן
און געטאַנצט אויף ווייסע בערג.

איז דער גרויער שפּראָץ[1] געקומען
און פאַרגלעט די הויכע בײַטן,
האָט דערנאָך די זון גענומען
אויף דער גאַס אַ יום־טוב גרײַטן:

קרוינען אויף די קוימענס,
לײַכטער אויף די דעכער,
אויסגעטאָקטע זילבער־בעכער,

אויף די הויכע שטאַנגען,
אויף די דראָטן
אָנגעשאָטן
שנורן שימערדיקע שפּאַנגען[2].

טאַנצן קינדער אין די בעטן,
טוען־אָן זיך וואָס־געשווינטער,
ניט אַ רגע צו פאַרשפּעטן:
ווינטער, ווינטער, מלך ווינטער,

מאַמע, מאַמע, קום אַרויס,
זע די טורעמס קעגן הויז!

אַלטער, קאַלטער זײַדע פראָסט
האָט פאַרגעסן און געלאָזט

אויף דער ערד זײַן ווײַסן קיטל...
אַנגעוויקלט, ווי אַ קנויל,
און געכאַפּט אַ ביס אין מויל,
און פון אַלקערל[3] דאָס שליטל.

הענדום־פּענדום פון די שטיגן
און חברים באַלד געקריגן,
און אַ שאָט זיך אויף די הײַזער
מיט געפּילדער אויף דער גאַס.
אײנער איז דער ערשטער ווײַזער,
ווערט אַ ברײַטער גלאַטער פּאַס.

און דערנאָך פון באַרג אין טאָל
פליען אַלע מיט אַמאָל,
שפּרינגען אין דעם ווײכן שניי
יונגע מאַמעס הינטער זיי,

ווער אַהער און ווער אַהין,
מיט געשפּאַסן און געלעכטער,
העלפן אַלע קלײנע זין,
פירן אונטער קלײנע טעכטער,

אין אַ גליטש מיט זיי צוזאַמען;
אויגן פינקלען, אויגן פלאַמען —
מלך־ווינטער׳ס־וואונדער־רויז,
פאַלן האָר פאַנאַנדער לויז,

[1] דער פאַרטאָג, באַגינען. [2] פינקלענדיקע קרעלן. [3] צימערל.

און דער פראָסט באַפּוכט
מיט פּודער...
ווערט אַ ליאַרעם, אַ גערודער —
אַ געשפּאַן פון שליטלאַך פאָרט,
זיבן אין אַ רײַ געפּאָרט.

און אַ מאַמע אויבן־אָן,
אין אַ גרינעם קאַפּושאָן [4],
פירט און קערעווועט דעם צוג.
און אין מיטן, טו אַ קוק,

גלײַך פון הינטן זאַלבעצענט,
אַ געפּלעכט פון פּיס מיט הענט—
און אַרײַן אין סאַמע מיטן —
קערט זיך איבער יעדער שליטן.

ליגן קינדער אײַנגעקנאָטן
אין די גריבער שנײַ, ווי קראָטן [5].
ברוין און געל, און גרין, און ווײַס,
אויסגעשמירט מיט פראָסט
און אײַז,

הענטשקעס, היטלאַך, שיך
און שאַלן...
שרײַט אַ קלײנער עסקימאָ,
אָנגעפּעלצט אין רויט און בלאָ:
„קינדער, לאָמיר ווידער פאַלן!"

---

[4] מיצל, היטל. [5] חיה׳לאַך, וואָס וואוינען אײַנגעגראָבן אין דער ערד.



# ווינטער

ש. פרוג

דער שניי איז געגאַנגען צוויי טעג נאָכאַנאַנד,
אַ שליט־וועג, אַ חיות[1], געוואָרן.
די פערדעלאַך שטייען אין שליטן געשפּאַנט,
אַלץ גרייט שוין און פאַרטיק צום פאָרן.

איי, פערדלאַך — חיה׳ס! נו, זעץ זיך און פאָר!
מיט צאַצקעס[2] געטאָקט איז דער שליטן;
צוויי פערד פון די זייטן, ווי הערשן אַ פּאָר,
אַ לעמפערט אַ לייב אינדערמיטן.

[1] אַ פאַרגעניגן. [2] צירונג.

דער קוטשער נעמט באַלד אַלע לייצעס אין האַנט:<br>
— „נו, קינדערלאַך, לעבעדיק, פרייליך!“<br>
דער שליטן כאַפּט־אויף מיט אַמאָל, ווי אַ בראַנד[3]...<br>
— „שטיי, אייל זיך ניט, וואַרט־וואַרט, פּאַמעלאַך!“

נײַן, ברודער, אומזיסט! ווי אַ פויגל, אַ ווינט,<br>
אַ פייל פונ׳ם בויגן, אַ וויכער[4], —<br>
זיי לויפן, זיי שוועבן, זיי פליען געשווינט;<br>
וואָס ווייטער — אַלץ גיכער און גיכער.

דער וועג איז אין פעלד, ווי אַ שפּיגעלע, גלאַט,<br>
די זון שײַנט פון אַלע פיר זײַטן;<br>
דער קוטשער[5] — אַ מזיק[6], די פערדעלאַך — זאַט,<br>
די גלעקלאַך קלינגען פון ווײַטן.

[3] אַ גרויס פייער. [4] אַ דריי־ווינט. [5] אַ טרייבער, פורמאַן. [6] אַ געשיקטער.

# פעטער שנײַער

ז. שניאור

1.

פעטער שנײַער איז אַ יורד:
ס'האָט דער טוי־ווינט אים
דערשלאָגן:
אַש—דער הימל, דעכער—שימל,
און די נאַסע סעדער קלאָגן.

אין דעם נודנעם, ברודנעם
שטעטל
ליגט ער שיכור אויסגעצויגן,
בלעזלט קאַלט מיט שוואַרצע
ליפּן,
פינטלט שווער מיט וויסטע
אויגן.

אַרום אים, צעפליקט, צעריסן,
ליגט זײַן לײַנענע קאַפּאָטע;
פון די גוואַלד־ריסן און לעכער
טריפט עס קוים און שפּריצט
מיט בלאָטע.

וואו אַ פאָלע, וואו אַן אַרבל,
וואו אַ זאָק און וואו פאַנטאָפל...
אַזוי וואַלגערט ער זיך, דרעמלט,
זינגט און ווײַנט, און
ס'איז אים שפּל.

2.

קומט צוגײַין דער פראָסט,
דער מזיק,
כאַפּט אים טרײַסלען...
קיצלט, מינטערט:
— שטײַט נאָר אויף, רב פעטער,
פּאַפּט ניט,
בררר... עס פרעסטלט און
עס ווינטערט!

און ער קנאַקט און גלאָצט
מיט אײַגלאַך,
און ער קנײַפּט און וועקט
אַלץ העכער;
און ער קלינגט, ווי ליוסטערס
קלינגען,
וואַרפט מיט צעפּלאַך אײַז
פון דעכער.

כאַפּט זיך אויף דער פעטער
שנײַער,
רײַבט די אויגן, גיסט
מיט פּאַרע: —
„צו געזונט, רב קרוב!“—קרעכצן
צו די בײַמעלאַך, די דאַרע.

שטעלט זיך האָפּערדיק
דער פעטער,
לוסטיק־קאַלט טוט ער
אַ שווידער;
ווײַט, שמײַסט נאָך
דעם פרעסטל ליבלאַך:
„אַך, דו עזות'ניק, דו פלוידער!“

3.

מיט אַ פּאַפּנדיק געזאַנגל
הייבט ער אויף, ציט־אָן
פּאַמעלאַך
זײַן באַלאַטל, דעם צעפליקטן,
און פאַרבינדט דעם גאַרטל
פרײַלאַך.

אַך, זעט, צויבער איבער צויבער:
ס'ווערן גלאַט די ברודנע לאַטעס,
ס'ווערן אויסגעפּילט די לעכער,
בלאַנקע אַטלאַס ווערט
פון שמאַטעס.

ווײַס און האָריק ווערט זײַן
קאָלנער,
די פּאַנטאָפל—העלער, ווייכער;
ווערט זײַן מאַנטל פּוך
און זײַדנס,
און די באָרד און לאָקן —
בלייכער.

גיט ער זיך אין אײַז אַ שפּיגל:
— העט אַ מעשׂה, העט
אַ וואונדער!
כ'בין אַ יונגער אײַנגעשלאָפן,
שטיי אַ זקן אויף אַצינדער...

גרויע האָר, צוועלף ברייטע
צײַלן,
זײַנען מיר, ווי בן־עזריה'ן, —
איבער נאַכט אין באָרד
געוואַקסן,
און די ברעמען—ווײַסע פּײַלן.

פון מײַן לײַוונטענעם מלבוש
איז אַ פּוטער גאָר געוואָרן;
ווײַסער פוקס מיט זײַד באַצויגן,
מיט אַ זילבער גורט אַ קלאָרן.

4.

און פאַרווייט, פאַרשנייט,
פאַרזילבערט
גייט ער מלכות'דיק, געלאַסן,
הענגט־אָן פרענז אויף אַלע
ביימער,
שיט־אויס פּוך אין אַלע גאַסן.

לויפט נאָך ממזר'יש,
פאַרשמייעט
נאָך אַן אָרימינקער פויער:
— „טשויש! כ'דאַרף אַ סוד
דיר זאָגן!"
און... אַ שפּײַ אים קאַלט
אין אויער.

5.

אַלע כמורען זיך און לויפן,
קיינער וויל קאַטאָוועס טרײַבן;
קאָלנערס שליסן זיך גע'ברוגז'ט,
אָרעמס טרייסלען אים
און רײַבן...

פעטער שנייער שמייכלט
פאַר זיך
אין די שווער־פאַרשנייטע
וואָנצעס;
מורמלט גראָבלאַך: „עך,
בטלנים,
קרומע נעזער, אַלטע
שמאָנצעס...

כ'וועל אַרויסלאָזן די קינדער
מיט די אייגעלאַך, וואָס בליצן;
זיי, נאָר זיי פאַרשטייען, ליבן
פעטער־שנייער'ס ווינטער־וויצן.

כ'וועל אַרויסלאָזן די יאַטלאַך,
וועמעס ציינדעלאַך עס גלאַנצן...
אַז ר'ב שנייער ווערט אַ דרייער,
גייען ווײַסע חברה טאַנצן!"

6.

קלאַפּט ער אָן אין אַלע
פענסטער,
אין די קוימענס טוט ער ברומען:
— שקצים, אכברשים,
ליידאַקעס,
קוקט... אַן אורח איז געקומען!

פון אַ צפון־לאַנד, אַ ווייטן, —
וואו מען פאָרט אַ גאַנץ יאָר
שליטן,
איינגעשפּאַנט מיט הירשן...
בין איך
אויף אַ ווינט צו אייך געריטן!

ציט־אָן פוטערלאַך, מזיקים,
היידאַ, גיכער די באַשליקן!
אויסגעגלייכט איז ערד
און וואַסער,
איבער זומפּן ליגן בריקן.

אונטער׳ן שניי, פאַרדעקט,
באַהאַלטן,
האָב איך אייך אַ גליטש
געשליפן;
פּוצט אים אָפּ מיט פלינקע
פּיסלאַך —
לאָמיר בקאָמפּאַניע שטיפן!

איך וועל שטויבן, איר וועט
רייבן,
וועט אַזוי דער גליטש
זיך שאַרפן;
לאָמיר קייקלען, קלעפּן
„מענטשן"
און מיט קניידלאַך שניי
זיך וואַרפן.

באַרג־אַראָפּ אין קלאָרע טאָלן
לאָמיר קאָפּ אויף קאָפּ
זיך שליטלען!
ס׳זאָל אַ ווייסער וויכער ברויזן
און אַראָפּרייסן די היטלען...

7.

ס׳איז מיר נודנע אָן אייך,
קינדער,—
אַלטע מאַכן לאַנגע נעזער,
ווייבער קרימען מיט
די פּיסקלאַך...
איר, נאָר איר פאַרשטייט מיך
בעסער!

כ׳וועל אייך אָפּדאַנקען,
אַ, קליינע,
אין די ווינטער־נעכט —
שוואַרץ־ווייסע;
כ׳וועל אייך זינגען אין
די קוימענס;
זיסן שרעק... אַ לאַנגע מעשה.

כ׳וועל אייך כישופ׳ן אין
פענסטער:
ווילדע יעגער, ווייסע בערן;
כ׳וועל אייך פאָרשטעלן
די העלדן
פון „מיין ריד" און פון
„זשול ווערן".

# ווינטער

י. ראָזענבוים

דער ווינטער געקומען,
דער שניי שיט און שיט;
מיר זיצן אין צימער
און זינגען אַ ליד.

אַ ליד און אַ שפּיל
און אַ טענצל דערביי —
מיר פרייען זיך אַלע,
ווי ס'וואָלט געווען מאַי.

ס'מעג שנייען און דרייען
אָן אויפהער אין גאַס;
דער ווינטער וועט זיין אונז
אַ טייערער גאַסט.



# שניי-לידער

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

ווער איך די אויגן פאַרמאַכן,
בראָדזשען אין שניי, אינ׳ם טיפן;
הערן די קינדערלאַך שטיפן,
קול׳כעלאַך רײַנינקע זינגען,
קינדערלאַך יונגינקע לאַכן, —
ווער איך די אויגן פאַרמאַכן...

---

די ערד איז ווײַס דער הימל — בלוי;
עס גליט די זון און בלענדט דעם שניי;
איך מאַך די אויגן צו אַזוי —
און גיי...

ניט פרעג: וואוהין? ניט פרעג מיך: וואו? —
ווער דאַרף אַ וועג אין ווײַסן שניי —
איך מאַך די אויגן מײַנע צו —
און גיי...



# שנײ־טײַבעלאַך

ל. קוויטקאָ

שנײ און שנײ און שנײעלאַך,
פּיצינקעלאַך טײַבעלאַך,
פליען, פליען, זעצן זיך
אויף דער גאָרער וועלט.

ווערט די וועלט אַ ווײַסינקע,
פול באַזעצט מיט טײַבעלאַך,
שנײ און שנײ און שנײעלאַך,
פרישינקע ווי קעלט.

גײ איך — שפּרינגען טײַבעלאַך,
לויף איך — פליען טײַבעלאַך.
שנײ און שנײ און שנײעלאַך —
מיך פאַרדרײען זײ.

אוי, אַ שאָד צו רירן זײ!
אוי, אַ שאָד צעטרײַבן זײ!
שטײ איך בעסער, ריר זיך נישט —
ס'טוט מיר האַרציק ווײ.

# פעטער־שנייִער אין שטאָט

מ. טקאַטש

פעטער־שנייִער איז אַ ווײַסער,
אָבער איז ניט אַלט;
פעטער־שנייִער איז אַ טענצער,
טאַנצט ער, ווען ס׳איז קאַלט;
פעטער־שנייִער איז אַ שפילער,
ענדערט זײַן געשטאַלט[1];
פעטער־שנייִער איז אַ שיכור,
גייט ער און ער פאַלט;
פעטער־שנייִער איז אַ דאָרפסמאַן,
וואוינט אין פעלד, אין וואַלד;
פעטער־שנייִער קומט אין שטאָט אויך
נאָר מען טרײַבט אים באַלד.

האָט זיך איינמאָל פעטער־שנייִער
אײַנגעהילט אין ווײַסן שלייִער
און אין ווײַסן בלומען־קראַנץ,
ווי אַ מיידעלע צום טאַנץ,
און אַ שיכור׳ער פון ווײַן—
אַוועק אין שטאָט אַרײַן;
זיך גענומען טראָגן,
זיך גענומען יאָגן
ווילד, אַזוי געשווינט,
ווי אַ וויכער־ווינט.

פעטער־שנייִער טאַנצט,
פעטער־שנייִער שפרינגט, —
דוכט זיך, קיינער שפילט ניט,
דוכט זיך, קיינער זינגט ניט,
נאָר די גאַנצע לופט איז
פול מוזיק, פול קלאַנג,
און דער רויש פון שטאָט
איז אַ לוסט־געזאַנג.

[1] מאַסקירט זיך.

פּעטער־שנייִער שפּרינגט,
פּעטער־שנייִער טאַנצט —
דוכט זיך, קיינער זייט ניט,
דוכט זיך, קיינער פלאַנצט ניט,
נאָר די גאַנצע שטאָט
איז אַ סאָד [2], וואָס בליט,
יעדעס הויז איז ווײַס,
ווי אַ בוים אין צוויט.

האָט ער אַזוי לאַנג געדרייט זיך,
האָט ער אַזוי לאַנג געפרייט זיך,
אַזוי לאַנג געפלאַטערט
מיט די שלייערן־וואוואַלן,
ביז ער איז פאַרמאַטערט,
ווי אַ טויטער בלאַס,
אויפ׳ן ברוק געפאַלן
גלײַך אינמיטן גאַס.

איז געוואָרן אַ געפילדער:
אַזאַ שיכור! אַזאַ ווילדער!
לאָזט ניט גיין און לאָזט ניט פאָרן —
וואָס איז דאָס גאָר פאַר אַ צאָרן?!

און ניט לאַנג גענומען,
איז אַ וואָגן אָנגעקומען.
און די מענטשן פון דעם וואָגן
האָבן אָנגעהויבן זידלען...
און מיט בעזימער און רידלען
האָבן שנייִער׳ן געשלאָגן.

אָנגעשלאָגן, אָנגעשמיסן
און פאַרברודיקט [3] און צעריסן
ווײַסן לײַב און ווײַסן שלייער,
האָט מען שוינעם פּעטער־שנייִער,
גלײַך ווי מיסט און אַש פון קוילן,
אײַנגעפּאַקט אין אָפּפאַל־וואָגן,
צוגעטאָפּטשעט [4] מיט די זוילן,
מיט די רידלען צוגעשלאָגן
און אַוועקגעפירט מיט שפּאָט
ערגעץ ווײַט, ווײַט אויסן שטאָט.

[2] אַ גאָרטן. [3] פאַרשמוצט. [4] צוגעטראָטן

# ווינטער-אָוונט

נפתלי גראָס

קאַלט און פראָסטיק איז אין דרויסן,
און מיט שנייען זייט דער ווינט;
„לאָמיר היינט אין שטוב פאַרבלייבן
ביי דעם פייער, מיין ליב קינד!"

אָנגעצונדן איז דאָס פייער,
פלאַקערט עס, און פונקען פליען —
„ס'וועט צו אונז די נאַכט ווער קומען
וואַרעמען זיך ביי'ם קאַמין.

און דערציילן וועט ער מעשיות
אונז פון ווייטן, קאַלטן נאָרד;
און אַנטקעגן רויטן פייער
בלאַנקען וועט זיין ווייסע באָרד...

איך וועל קוילן אַלץ צושיטן —
זאָל נאָר שטיל און וואַרים זיין,
וועלן מיר הערן זיינע משיות
און זיך וואַרעמען ביי'ם שיין..."

---

אין אַ ווייסן מאַנטל האָט ווער
ביי דעם פענסטער זיך געשטעלט;
קוקט אַריין צו אונז אין צימער
און ער ציטערט דאָרט פאַר קעלט.

„גוטער, ליבער אומבאַקאַנטער!
קום צו אונז אין שטוב אַריין;
אינ'ם אויוון ברענט דאָס פייער —
קום, דערוואַרעם זיך ביי'ם שיין."

הערט ער מיך ניט, און ער לאָזט זיך
אינ'ם פראָסט גיין מיט'ן ווינט...
הערט אַ סקריפּען זיך פון ווייטן,
שטיל און שטילער און פאַרשווינדט.



# פעטער-שנייער

דוד איינהאָרן

פוך און פוך און ווידער פוך —
מיט אַ ווײַסן קלאָרן טוך
דעקט זיך אײַן דאָס שטעטל;
היי, דער פעטער־שנייער פאַלט,
אויפ׳ן פעלד און אויפ׳ן וואַלד
בעט ער אויס זײַן בעטל.

ס׳שיט דער קאַלטער שניי און שיט,
ס׳האָט דער אַלטער וואַלד פאַרבליט
פול מיט ווײַסע בליטן;
פעטער־שנייער ווערט ניט מיד,
יעדער צווײַג שימערט, גליט,
ווערט ניט מיד צו שיטן.

ערד און הימל שטייען קלאָר,
מער ניט ראָבן שוואַרצע נאָר
פליען אום אינמיטן —
זאָגן־אָן אויף יעדן אָרט,
אַז דער פעטער־שנייער פאָרט
אויף זײַן גרויסן שליטן.

# אין אַ שליטוועג

מ. ברכהן

וואַלד פון הינטן,
וואַלד פון פאָרנט,
אויף די זײַטן וואַלד;
און דער פורמאַן
אַלט, באַיאָרנט, —
און דאָס פערדל אַלט.

„וויאָ! ...“ — אַ פײַערל
פון ווײַטן
קוקט אַהער און ווינקט;
נייגט זיך, בייגט זיך
אויף די זײַטן,
הויבט זיך אויף און זינקט...

נאַכט פון הינטן,
נאַכט פון פאָרנט,
אויף די זײַטן נאַכט;
און דער פורמאַן
שרײַט און וואָרנט,
און דאָס שליטל קראַכט [1].

„וויאָ! ...“ — דאָס פײַערל
פון ווײַטן
קוקט און פליט אַהער —
„זאָל אַן אָפּרו
דאָס באַטײַטן? ...“ —
גיט דאָס האַרץ אַ קלער...

ווײַס פון הינטן,
ווײַס פון פאָרנט,
אויף די זײַטן ווײַס;
און דער פורמאַן,
בייז, פאַרצאָרנט,
וויאָקעט [2] צײַטנווײַז.

„וויאָ! ...“ — דאָס פײַערל
פון ווײַטן
פליט — און פליט פאַרבײַ!
ס'קוקט דער פורמאַן
אויף די זײַטן,
וויאָקעט פון דאָס נײַ...

[1] קרעכצט שטאַרק. [2] שרייט „וויאָ“ צו די פערדלאַך.

# נעסטעלאַך און פֿייגעלאַך

ש. פרוג

אוי, נעסטעלאַך, נעסטעלאַך פּוסטע! מיט שנייִ
פֿאַרשאָטן, פֿאַרגליווערט[1] געוואָרן...
עס פֿליען די ווינטן און קלאָגן אויף זייִ
און רוישן און גרימען[2] מיט צאָרן...

אוי, פֿייגעלאַך ליבע! וואו זײַנען זייִ איצט?
אַוועק איבער בערג, איבער מערן[3] —
אַהין, וואו דער מאָרגנשײַן פֿינקלט און בליצט,
און ס'שמייכלען די גאָלדענע שטערן.

אַהין, וואו די לופֿט איז געזונט, ריין און פֿרײַ,
וואו שנייִ־ווײַסע וואָלקנס נאָר שוועבן,
צו אָנהייבן דאָרט פֿון דאָס נײַ, פֿון דאָס נײַ
אַ פֿרײַעס, אַ גליקלאַכעס לעבן.

דער ווינטער איז לאַנג, נאָר דער שנייִ וועט צעגייִן,
דער גאָלדענער פֿרילינג וועט קומען;
דער הימל וועט ווערן אי ליכטיק, אי ריין,
די גערטנער — באַשאָטן מיט בלומען.

די ערד, אין איר אַלטן געוועזענעם גליק,
וועט ווידער אי שײַנען, אי בליען;
און פֿריילאַך אַהער וועלן קומען צוריק
די פֿייגעלאַך ווידער צופֿליען.

---

[1] פֿאַרקילט. [2] בייזערן זיך. [3] ים'ען.

# דריטער טייל

# יונגוואַרג

(אַז ערד פון 9 ביז 12 יאָר אַלט)

1 — פון אַרבעט און נויט (סאָציאַלע מאָטיוון)
3 — שפּילן (סצענירטע פּאָעמען) } פאַר אינגערע און עלטערע קינדער
2 — מעשה׳לאַך

„כ׳האָב מתנות אַלערליי,
קומט און קלייבט אייך אויס פון זיי."
יהואָש.

# ליד פון אַרבעט

ש. פרוג

אָ, לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן ליבנד און היים!
געזונט זאָלן זײַן די הענט מיט מאַזאָליעס[1],
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

געבענטשט זאָלן זײַן: דער וואַרשטאַט[2], דאָס שפּינדל[3],
דער האַמער, די סאָכע[4], דער סערפּ[5] און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער, אַ זומפּיקער וועג.

פיל ליכטיקער שײַנט די זון נאָך אַ רעגן;
די וואַרעמקײַט — ליבער און זיסער נאָך קעלט;
נאָר די, וועלכע האָבן דאָס אומגליק געזאָגן,
פאַרשטייען, וואָס גליקלאַך זײַן היימט אויף דער וועלט.

דער סערפּ איז פון שטאָל, די סאָכע — פון אײַזן:
קײַן צירונג קײַן גרויסער זײַנען זיי ניט;
אין זיי אָבער ליגט אונזער קראַפט, אונזער לעבן,
אָן זיי איז אוממעגלאַך איין־איינציגער טריט.

טאָ לויבט־זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן ליבנד און היים!
געזונט זאָלן זײַן די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

---

[1] האַרטע, אָנגעריבענע הויט, „קאָרנס“. [2] געשטעל אויף וועלכן אַ באַל־מעלאָכע אַרבעט. [3] אַ לאַנג קײַלעכדיק העלצל צום שפּינען. [4] דער אַקער. [5] אַ האַלב־רונדער שנייד־מעסער פאַר גראָז און תבואה.

# פרייַע אַרבעט

י. באקסט

כ׳בין אַ קינד פון פרייַער אַרבעט,
שטייִ איך אויף גאַנץ פרי;
איז די אַרבעט אַ באַפרייַטע,
איז אַ פרייִד די מי.

רופט דאָס פייַפל מיך אויף אַרבעט,
בין איך שטענדיק גרייִט;
איז די אַרבעט אַ באַפרייַטע,
אַרבעט זיך מיט פרייִד.

טראָט צו טראָט און וואָרט צו ווערטער —
מענטשן אָן אַ צאָל;
הייִ, חברים, צו דער אַרבעט
אַלע מיט אַמאָל!

די פאַבריקן הודזשען, הודזשען,
שווינדלט ראָד נאָך ראָד;
הייִ, חברים, צו דער אַרבעט —
אַ מינוט אַ שאָד!

יעדנס טאָן און יעדנס שאַפן,
יעדער אויגנבליק, —
הייִ, חברים, אונזער אַרבעט
איז פאַר אונז אַ גליק!



# דער זיידע און דאָס אייניקל

דוד ראדין

(אַ סצענע, וואָס קען זייער גרינג פאָרגעשטעלט ווערן)

— זיידעניו טייערער! זיידעניו ליבינקער!
פאַרוואָס איז דיין האַנט מיט מאַזאָליעס [1] באַצויגן,
מיט אָדערן בלויע — ווי שטריק אָנגעצויגן?

— קינדעניו האַרציקער! קינדעניו גוטינקער!
פון דלאָטע [2] און האַמער, פון שפּיצהאַק און שער,
פון זעג און פון אַלערליי אַרבעטס-געווער —
איז מיין האַנט מיט מאַזאָליעס באַצויגן.

— זיידעניו טייערער! זיידעניו ליבינקער!
פאַרוואָס איז דער רוקן אַזוי דיר געבויגן,
אַזוי ווי דו וואָלסט צו דער ערד זיך געבויגן?

[1] האַרטע, אָנגעריבענע הויט, „קאָרנס“. [2] אַ שאַרף שטיקל געצייג וואָס אַ סטאָליער נוצט, „טשיזל“. [3] אַ שווערע לאַסט.

— קינדעניו האַרציקער! קינדעניו גוטינקער!
פון שלעפּן אַ משא [3], געשמידט אין אַ קייט,
פון שלעפּן אַ לעבן דורך צרות און נויט —
איז מיר דער רוקן געוואָרן געבויגן.

— זיידעניו טייערער! זיידעניו ליבינקער!
פאַרוואָס זיינען בלינד דיר געוואָרן די אויגן,
בלינד, ווי מיט קאָרע [4], מיט ווייסער, פאַרצויגן?

— קינדעניו האַרציקער! קינדעניו גוטינקער!
פון זוכן אַ וועג צו פאַרמיידן די לייד,
פון זוכן אין לעבן אַ טראָפּעלע פרייד —
זיינען בלינד מיר געוואָרן די אויגן.

— זיידעניו טייערער! זיידעניו ליבינקער!
פאַרוואָס איז אין קנייטשן דיין פּנים באַהאַלטן,
אַזוי ווי די קנייטשן אין פאַרמעט [5] אין אַלטן?

— קינדעניו האַרציקער! קינדעניו גוטינקער!
ביסט דאָך אַ קלוגער, וועל איך דיר דערקלערן:
איבער מיין פּנים, דורך יאָרן און יאָרן,
איז ס'לעבן, ווי אַ וואָגן אַ שווערער, געפאָרן;
האָבן די רעדער געדריקט און געריבן,
זיינען דאָרט שפּורן [6] נאָר טיפע פאַרבליבן —
דאָס זיינען די קנייטשן פון פּנים און שטערן.

— זיידעניו טייערער! זיידעניו ליבינקער!
פול איז דיין לעבן מיט שרעקן געווען,
מוז עס דען שטענדיק אַזוי־אָ געשען?

— קינדעניו האַרציקער! קינדעניו גוטינקער!
געבענטש זיינען אַלע, וואָס זען אַ שיין...
געבענטשט זאָלסטו זיין!... געבענטשט זאָלסטו זיין!...

---

[4] די הויט פון אַ בוים. [5] אויף וואָס סופרים שרייבן ספרי תורות, מגילות און מזוזות. [6] צייכנס.

# מײַן אינגעלע

מאָרים ראָזענפעלד

איך האָב אַ קלײנעם אינגעלע,
אַ זונעלע גאָר פײַן!
ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מײַן.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מײַן שײנעם, ווען ער וואַכט;
איך טרעף אים אימער שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר בײַנאַכט.

די אַרבעט טרײַבט מיך פרי אַרויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק;
אָ, פרעמד איז מיר מײַן אײגן לײַב!
אָ, פרעמד מײַן קינד'ס אַ בליק!

איך קום צעקלעמטערהײט אַהײם,
אין פינסטערניש געהילט, —
מײַן בלײכע פרוי דערצײלט מיר באַלד,
ווי פײַן דאָס קינד זיך שפּילט,

ווי זים עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מײַן גוטער, גוטער פּאַ?"

איך הער עס צו און אײַל: עס מוז,
יאָ, יאָ, עס מוז געשען!
די פּאַטערליבע פלאַקערט[1] אויף,
עס מוז מײַן קינד מיך זען!...

איך שטײ בײַ זײַן געלעגערל
און זע, און הער, און שאַ!
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלאַך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?"

איך קוש די בלויע אײגעלאַך,
זײ עפענען זיך — „אָ, קינד!"
זײ זעען מיך, זײ זעען מיך
און שליסן זיך געשווינד.

„דאָ שטײט דײַן פּאַפּאַ, טײַערער,
אַ פּעניעלע דיר נאַ!"
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלאַך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?"

איך בלײַב צעווײטאָגט און צעקלעמט,
פאַרביטערט און איך קלער:
„ווען דו דערוואַכסט אַמאָל, מײַן קינד,
געפינסטו מיך ניט מער"...

[1] צינדט זיך אָן, ברענט שטאַרק.

# פון הילצערנע הײַזעלאַך

איזי כאַריק

מײַן יוגנט האָט קײנער אין זײַד ניט געוויקלט,
אַ צאַרטע האַנט האָט מײַנע האָר ניט געקרײַזלט —
איך בין געוואָקסן אַ קרעפּטיקער אינגל,
אַ אינגל פון הילצערנע הײַזלאַך.

און פון וויג נאָך, פון שטרענגער און האַרטער,
מיט אויגן — צוויי שטיקעלאַך טאָג —
פלעג איך הערן — מײַן נאָענטער טאַטע
זינגט שוין אין פרישן פאַרטאָג.

אַ פלינקער פויגל — פליט און פאַלט טאַטנס האַמער —
פאַלט און צאַפּלט[1] צווישן קני,
און מיר ווערט עפּעס ליב, ווי אַ מאַמע,
יעדער ריר פון זײַן זאַפטיקער שטים.

ווערט אַנטשוויגן שטילער טאַטע בײַ דער אַרבעט,
אַ שטיקל זילבער — בלײַבט הענגען זײַן ליד,
און איך זע — אין פאַרפעכיקטע אַרבל
קוקט דער טאַטע פאַרקלערט אויף מײַן וויג.

איצט וואַקס איך אַ פראָסטער און פעסטער,
מיט טאַטנס צוויי קרעפּטיקע הענט,
און אין הײַנטיקן אויסרוף, אין העכסטן, —
האָב איך יענע ליד פון מײַן טאַטן דערקענט.

---

[1] טרייסלט זיך, ציטערט.

# די נייִטערקעס

ש. הורוויץ

אין אַ קליינעם שטיבעלע,
ביי אַ לאַנגן טיש,
זיצן דאָרט מיידעלאַך,
וויגן מיט די פיס.

העמדעלאַך, איר ווייסינקע,
זאָגט, וואָס זייט איר נאַס?
מיידעלאַך, איר שיינינקע,
זאָגט, וואָס זייט איר בלאַס?

דרייען די מאַשינדעלאַך
פון דער פרי ביז נאַכט,
און אַזוי ווערן טוצנווייז
העמדעלאַך געמאַכט.

העמדעלאַך און מיידעלאַך
רײדן ניט קיין וואָרט,
אויסער די מאַשינדעלאַך
הודזשען[1] אימער פאָרט.

דושנע[2] איז אין שטיבעלע,
אומדערטרעגלאַך היץ,
פון די אָרימע נייטערקעס
גיסט זיך טייכן שווייס.

---

[1] רווישן. [2] שטיקיק.

# ביַינאַכט

א. אַלמי

לאָמיר גייַען מיט שטילע טריט,
קייַנער זאָל ניט הערן;
לאָמיר ניט דעם זיסן שלאָף
פון די מידע שטערן.

אפשר טרוימט אַן אַלטער מאַן
וועגן יונגע יאָרן,
און ער איז אין טרוים אויפסניַי
יונג און שטאַרק געוואָרן.

אפשר טרוימט אַן אָרים קינד
וועגן ברויט מיט פוטער,
און עס טוליעט זיך אין שלאָף
צו דער קראַנקער מוטער.

אפשר טרוימט אַ קראַנקער מענטש
פון געזונט און לעבן,
און עס קומט צו אים די נאַכט
אַ רפואה [1] געבן.

ס'האָט דער שלאָף באַפרייַט די לייַט
פון דעם לעבנס שרעקן.
לאָמיר גייַען מיט שטילע טריט,
לאָמיר זיי ניט וועקן.

[1] אַ היילונג.

# אין רעגן און אין קעלט

מאָרים ווינטשעווסקי

וואָס טוען צוויי עופה׳לאַך [1] קליינע אין גאַס —
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט?
די הענטעלאַך — אײַז און די פיסעלאַך — נאַס,
די ליפּעלאַך — בלוי און די בעקעלאַך — בלאַס;
וואו איז זייער הײם אין דער וועלט?
— זייער הײם! זייער הײם בין איך, זאָגט די גאַס,
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט.

וואו גייען צוויי קינדערלאַך קליינינקע הײַנט,
אין רעגן, אין קעלט און אין ווינט?
וואָס? גאָר אָן אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ פרײַנט?...
יתומים׳לאַך? נעבאַך! וואָס זע איך? מיר שײַנט [2],
אַז איינער פון זיי איז גאָר בלינד!
— געוויס, זאָגט די גאַס, און איך בין זייער פרײַנט
אין רעגן, אין קעלט און אין ווינט.

וואָס בלײַבן זיי שטיין מיטאַמאָל דאָ אליין
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט?
צום האַנדלען — צו אָרעם, צום בעטלען — צו קליין,
צו שוואַך און צו ערלאַך — צום גנב׳ענען גיין;
וואו קריגן זיי עסן אָן געלט?
איצט שווײַגט שוין די גאַס. אַך, איר האַרץ איז פון שטיין.
דער ווינט שווײַגט, דער רעגן, די קעלט...

---

[1] פייגעלאַך. [2] מיר דוכט.

# די נאַכט

מ. וואַרשאַווסקי

ס'איז פינסטער, פינסטער, וואָלקנס שטייען,
זיי האָט דער קאַלטער ווינט געבראַכט;
אין הימל איז קיין שיין צו זען,
אַראָפּגעלאָזט האָט זיך די נאַכט.

פאַרלאָרן האָט די וועלט איר נאָמען,
פאַרפינסטערט ליגט זי, ווי זי איז גרויס,
פאַרוויאַנעט[1] ליגן אַלע בלומען,
געשטאָרבן ליגט די לעצטע רויז.

די ביימער פון דעם וואַלד, דעם אַלטן,
זיי האָבן זיך צו דער ערד געלענט;
די חיות האָבן זיך באַהאַלטן,
און, אוי, דער מענטש האָט זיך צעוויינט:

„ווי לאַנג וועט זיין דער טאָג פאַרבאָרגן?
וואָס הערט זיך, וועכטער, מיט דער נאַכט?"
דער וועכטער זאָגט: „עס קומט דער מאָרגן,
ווי לאַנג עס זאָל ניט זיין די נאַכט..."

[1] פאַרוועלקט, פאַרטריקנט.

# דער מענטש

אברהם רייזען

גײט אַרײַן אַן אָרימאַן,
מיד און אײַנגעבויגן;
שטעלט זיך שטיל אַוועק בײַ׳ם שוועל,
הײבט און וואַרפט די אויגן.

יעדער מענטשלאַכער געפיל
אין זײַן אויג פאַרלאָשן,
און ער שטרעקט־אוים שטום אַ האַנט —
בעטלט שטום אַ גראָשן.

ס׳איז דער מענטש! די קרוין דער וועלט,
ס׳העכסטע פון די בריות[1]! —
זעט, ווי נידעריק ער איז,
ווי געמײן, ווי מיאוס!

קלײנע ווערים דאָרט אין דר׳ערד
זײַנען זעלבסט זיך שפּײַזער,
און דער מענטש, די קרוין, די קרוין —
בעטלט אין די הײַזער!...

[1] באַשעפענישן.

# בײַם באַלעבאָס טיר

א. רייזען

וואָס האָסטו זיך דערשראָקן, מײַן אָרימער ברודער,
און שטייסט בײַ דער טיר? ווי דו ווײַנסט?
עס האָט דיך דערשראָקן דער גלאַנץ פון די זאַלן,
דו וועסט זײַ פאַרשמוצן — דו מײנסט?

אוי, אָרימער ברודער, אוי נאַרישער ברודער,
גײ ווײַטער און זעץ זיך אַוועק...
דו וועסט ניט פאַרפלעקן דאָס גאָלד פון די זאַלן,
דײַן נשמה איז ריין, אָן אַ פלעק.

אוי, אָרימער ברודער, אוי, נאַרישער ברודער,
וואָס האָט דיר די אויגן פאַרבלענדט?
וואָס שטייסטו און גלאַנצסט און באַטראַכטסט אַלץ פאַרוואונדערט:
דו האָסט ניט דײַן אַרבעט דערקענט?...

# די וואַנט

אברהם רייזען

די אויגן פול צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער — זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט;
מיר שטייען ביי אַ הויכער, געמויערטער וואַנט —
מיט העק און מיט האַמערס, און אייזנס אין האַנט —

און ברעכן די וואַנט!

די וואַנט איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק,
פאַרצוימט[1] אונז די וועגן צום לעבן, צום גליק;
פאַרשטעלט אונז די ליכטיקע זון, און זי מאַכט
פון פריילאַכן טאָג אונז אַ פינסטערע נאַכט —

מיר ברעכן די וואַנט!

און פאַלט פון דער שטייַנערנער וואַנט ווען אַראָפּ
אַ שטיין, צי אַ ציגל, טרעפט ווּעמען אין קאָפּ —
די איבעריקע בלייבן דאָך שטיין גאָר אָן שרעק
און אַרבעטן ווייטער, מען לויפט ניט אַוועק —

און ברעכן די וואַנט!

---

[1] פאַרשטעלט, פאַרהאַלט, לאָזט ניט אַריבערגיין.

# צום פאָלק

יוסף באָוושאָווער

הייב־אויף דיינע אויגן, אָ פאָלק, וואָס דו ביסט אַזוי עלנד און אָרים;
הייב־אויף דיינע אויגן צו מזרח, צו מערב, צו צפון און דרום —
און זע, די געזאַמלטע אוצרות און זע פון דיין אַרבעט די פּירות[1]
און זע דעם געבליבענעם רייכטום פון פריער געוועזענע דורות.

הייב־אויף דיינע אויגן און זע אויפ׳ן ים די באַלאָדענע שיפן;
און זע אין די טונקעלע וועלדער דעם רויך פון די לאָקאָמאָטיוון;
און זע, ווי זיי שוועבן און קומען געשווינט פון אַ געגנט אַ ווייטן
און פירן אין אַנדערע לענדער פּראָדוקטן און סחורות צו בייטן.

הייב־אויף דיינע אויגן און זע די געמויערטע גרויסע פאַבריקן,
וואו אַרבעטער זעגן און הובלען, און וועבן, און נייען, און שטריקן,
און שמידן און פיילן און טאָקן און שניצן און גלעטן און פוצן
און שאַפן פּראָדוקטן און שאַפן דעם רייכטום צום מענטשלאַכן נוצן.

און ווייט אויף די בליענדע, לוסטיקע פעלדער הייב־אויף דיינע אויגן
און זע, ווי עס שטייען די גאָלדענע זאַנגען פון שווערקייט געבויגן,
און זע אין די פרעכטיקע גערטנער די ביימערמיט פרוכטן באַהאַנגען
און פייגל באַוואוינען די צווייגן, פאַרפולן די לופט מיט געזאַנגען.

הייב־אויף דיינע אויגן, אָ, פאָלק, גיי אַרויס פון די פינסטערע קברים;
הייב־אויף דיינע אויגן צו מזרח, צו מערב, צו צפון און דרום
און נעם די גע׳ירשנ׳טע אוצרות און נעם פון דיין אַרבעט די פּירות,
און שאַפנדיק לעב, און געניסנדיק שאַף פאַר די פרייערע דורות.

---

[1] פרוכט.

# ברידער

י. ל. פּרץ

ווייַסע, ברוינע, שוואַרצע, געלע —
מישט די פאַרבן אויס צוזאַמען!
אַלע מענטשן זייַנען ברידער...
פון איין טאַטן, פון איין מאַמען!

אויך — איין גאָט האָט זיי באַשאַפן,
און איין — פאָטערלאַנד: די וועלט —
אַלע מענטשן זייַנען ברידער,
דאָס איז איינמאָל פעסטגעשטעלט!

אַלע מענטשן זייַנען ברידער —
שוואַרצע, ווייַסע, ברוינע, געלבע...
אַנדערש זייַנען נאָר די פאַרבן,
די נאַטור, זי איז — דיזעלבע.

# די צוקונפט

מ. ווינטשעווסקי

אָ, די וועלט וועט ווערן יינגער,
און דאָס לעבן — לײַכטער, גרינגער,
יעדער קלאָגער וועט אַ זינגער
ווערן, ברידער, באַלד.

זאָל דאָס פאָלק נאָר ווערן קליגער
און פאַריאָגן דעם באַטריגער[1],
אים, דעם פוקס, און אויך דעם טיגער
פון דעם שיינעם וואַלד.

אָ, די וועלט וועט ווערן שענער:
ליבע — גרעסער, שנאה[2] — קלענער,
צווישן פרויען, צווישן מענער,
צווישן לאַנד און לאַנד.

זאָל די גלײַכהײַט נאָר באַזיגן
פאַלשקײַט, שופטערײַ[3] און ליגן,
זאָל דער מענטש נאָר ענדלאַך קריגן
מענטשלאַכן פאַרשטאַנד.

אָ, די וועלט וועט ווערן פרײַער,
פרײַער, שענער, יינגער, נײַער;
און אין איר דער אמת טײַער —
טײַער ווי אַ פרײַנט!

[1] שווינדלער, אָפּנאַרער, פאַלשער. [2] פיינטשאַפט. [3] שווינדלערײַ, מיינהייט.

# דאָס נײַע ליד

א. רייזען

און זאָל ווי ווײַט
נאָך זײַן די צײַט
פון ליבע און פון שלום, —
דאָך קומען וועט,
צי פרי, צי שפּעט,
די צײַט — עס איז קײַן חלום!

איך הער דאָס ליד
פון ליבע פריד,
די מעכטיקע געזאַנגען;
און יעדער טאָן
פון ליד זאָגט אָן:
די זון איז אויפגעגאַנגען.

עס וועקט די נאַכט,
די וועלט דערוואַכט —
פול האָפנונג, לוסט און שטרעבן.
דו הערסט אין לופט
אַ שטימע רופט
צו מוט און קראַפט און לעבן!

# גאַנטע קאָזאַק

מ. באסין

ווער גייט עס, ווי אַ בלינדער,
און פרעגט ביינאַכט אויף קינדער,
וואָס וויינען אין די וויגן
און ווילן שטיל ניט ליגן?...

דאָס איז דאָך גאַנטע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך ווי אַ בלאָז־זאַק,
און גייט אין רויטע הויזן
און טראָגט אַ האַק אַ בלויזן.
ער האָט צוויי הויקער־פּלייצעס
און עסט־אויף צוועלף המוציאס [1]
און טרינקט פון דרייצן גלעזער,
און האָט דריי לאַנגע נעזער,
צוויי הענט צו זיבן פינגער,
דריי קעפּ מיט נייען צינגער,
זעקס וואָנצעס — לאַנג און שפּיציק,
צוועלף אויגן—רויט און בליציק,
צוויי פּיס צו דרייסיק איילן [2]
און וואוינט אין טיפע היילן.

און ווי עס קומט ביינאַכט נאָר,
איז טיר און לאָד פאַרמאַכט נאָר,
דאַן נעמט ער האַק און מעסער
און שאַרפט זיי גוט און בעסער,
פאַרוואַרפט זיי אויף די פּלייצעס,
שפּאַנט־איַין דריי וועלף אין לייצעס,
פאָרויס צוויי גראָבע דייטשן,
צוויי שלאַנגען פאַר די בייטשן,
צוויי בערן ביי די זייטן,
און לאָזט פון וואַלד זיך רייטן.

[1] פענעצן חלה. [2] אַן אַלטע מאָס אַזאַ.

און ווי ער קומט צום שטעטל,
נעמט ער אַרויס אַ צעטל
און לייענט ווי אַ בלינדער
די נעמען פון די קינדער,
וואָס וויינען אין די וויגן
און ווילן שטיל ניט ליגן.

דאַן עפנט ער די טאָרבע[3]
און גיט פון פלאַש אַ שאָרבע[4]
און לאָזט זיך גיין געבויגן
מיט זוכנדיקע אויגן;
בלײַבט שטיין בײַ יעדן טויער
און טוליעט צו אַן אויער,
און קלאַפּט־אָן ווי אַ בלינדער:
„דאָ וויינען קליינע קינדער?
דאָס בין איך, גאַנצע קאָזאַק,
איך בלאָז זיך, ווי אַ בלאָז־זאַק
און גיי אין רויטע הויזן,
און טראָג אַ האַק אַ בלויזן,
און האָב צוויי הויקער־פּלייצעס,
און עס־אויף צוועלף המוציא׳ס,
און טרינק פון דרײַצן גלעזער,
און האָב דרײַ לאַנגע נעזער,
צוויי הענט צו זיבן פינגער,
דרײַ קעפּ מיט נײַען צינגער,
זעקס וואָנצעס — לאַנג און שפּיציק,
צוועלף אויגן — שאַרף און בליציק,
צוויי פּיס צו דרײַסיק איילן
און וואוין אין טיפע היילן,
און בורטשע[5], ווי דרײַ בערן.
דאָס קום איך וויינען הערן

[3] אַ גרויסע לייוונטענע בייטל. [4] אַ שלוק, אַ טרונק. [5] ברומט.

די קינדער אין די וויגן,
וואָס ווילן שטיל ניט ליגן.“

און ווי נאָר קינדער הערן
אַ בורטשע פון דרײַ בערן —
איז נעמען זיי זיך שרעקן
און איבערן קאָפּ פאַרדעקן,
און בלײַבן שווײַגן אַלע,
און בעטן ניט קיין חלה[6],
און ווילן ניט קיין פײַער,
און ווערן ליב און טײַער.

איז נעמט זיך גאַנצע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך, ווי אַ בלאָז־זאַק,
און לאָזט זיך, ווי אַ בלינדער,
צו זוכן אַנדערע קינדער.

נאָר טאָמער ווײַנען אַלע
און ווילן דוקא[7] חלה,
און ווילן דוקא פײַער,
און זײַנען גרויסע שרײַער, —
דאַן ווערט ער שטאַרק אין כעס[8]
און בילט, און מאַכט העויות[9],
און גיט אַ רוף דרײַ שדים[10],
און מאַכט אַ לאָך אין בוידים[11],
און כאַפּט די שלעכטע קינדער,
און טראָגט זיי ווי אַ בלינדער,
און ברענגט זיי אין די הײלן[12],
און הייסט זיי בולבעס[13] שײלן.
דאַן קאָכט ער אויף אַ קעסל,
טרינקט בראָנפן פון אַ פעסל

[6] ווייס ברויט פאַר שבת. [7] נאָר, ניט אַנדערש. [8] בייז. [9] משונה מאָדנע באַוועגונגען. [10] טייוואָלים. [11] אַ דאַך־שטיבל. [12] טיפע גריבער. [13] קאַרטאָפל.

און נעמט די מעסער שאַרפן,
און הייבט־אָן גורל [14] וואַרפן,
פאַרשפּאַרט די טיפע הילן
און וויל זיי אַלע קוילן [15].

און ווי די קינדער זעען,
וואָס דאָ וועט באַלד געשען,
וואָס ס'וועט פון זיי באַלד ווערן,
פאַרגיסן זיי פיל טרערן
און הייבן אָן אים גלעטן
און האַרצעדיק אים בעטן:

„דו גוטער גאָנטע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך, ווי אַ בלאָז־זאַק,
און גייסט אין רויטע הויזן,
און טראָגסט אַ האַק אַ בלויזן,
צוויי פּיס צו דרייסיק איילן —
צי דאַרפסטו דען אונז קוילן?
מיר זיינען גוטע קינדער,
און דו ביסט ווי אַ בלינדער,
מיר וועלן מיט דיר לעבן
און העמדעלאַך דיר וועבן,
און קישעלאַך דיר נייען,
און בלימעלאַך דיר זייען;
מיר וועלן מער ניט וויינען
און מעשה'לאַך דיר ליינען,
און עסן דיר דערלאַנגען,
און וויגן מיט געזאַנגען."

דערהערט דאָס גאָנטע קאָזאַק,
בלאָזט־אָן זיך, ווי אַ בלאָז־זאַק,
און ווערט אַזאַ מין גוטער,
און גיט זיי ברויט מיט פּוטער,

[14] באַשטימען דורך אַ לאָטערייע. [15] שטעכן.

און גלעט זײַ אויף די קעפּלאַך,
און גיט זײַ זיבן טעפּלאַך,
און הײַסט זײַ קאָכן קרעפּלאַך,
און הײַסט די בעט צובעטן,
און הערט ניט אויף צו גלעטן.

נו, קאָכן זײַ אים קרעפּלאַך
און וואַשן אוים די טעפּלאַך,
און בעטן־אוים די בעטן,
און וויגן אים און גלעטן.
און ווי ער הײבט אָן שלאָפן,
גענומען און אַנטלאָפן.

געלאָפן איבער פעלדער,
געלאָפן איבער וועלדער,
געשוואומען איבער ים׳ען,
געקומען צו דער מאַמען.
פון גאַנטע׳ן ניט געטראַכט מער
און ניט געוויינט בײַנאַכט מער.





# אַ חתונה

נחום י.

ניט אַ הינטער ים און טײַכן,
אין אַ פּאַלאַץ, אין אַ רײַכן,
ניט אַ הינטער באַרג און טאָל,
ווי מע זאָגט אײַך אַלעמאָל.

האָט ניט, קינדער, קײַן פאַריבל, —
נאָר אין גאָר אַ קלײנעם שטיבל
האָט אַמאָל אַ יונגע פליג
חתונה געהאַט מיט גליק.

ס'איז אַ חתונה געווען,
וואָס מען קען גאָרניט פאַרגעסן,
ווײַל עס טרעפט זיך זעלטן ווען
אַזאַ חתונה צו זען.

מחותנים [1] רײַכע אַלע,
און דער חתן מיט דער כלה —
זעלטן ווען מע זעט דאָס גאָר
אַזאַ צוגעפּאַסטע פּאָר.

גרויסע מיוחסים [2] בײדע:
ס'האָט דעם חתנ'ס עלטער־זײדע, —
פלעגן זאָגן אַלטע לײַט, —
נאָך געשטאַמט פון טיטוס [3] צײַט.

צו דער חתונה, פאַרשטײט זיך,
האָבן אַלע לאַנג געגרײט זיך;
אַזאַ זעלטענעם פּאַראַד
האָט קײַן פליג נאָך ניט געהאַט.

[1] נאָענטע קרובים. [2] חשוב'ע נאָבל־לייט.
[3] אַ רוימישער גענעראַל, וואָס האָט חרוב גע־מאַכט ירושלים און דעם צווייטן בית המקדש. אַ לעגענדע דערציילט, אַז אַ מוק—אַ פליג אַזאַ—איז אים אַרײַן אין מוח און האָט דאָרט אַזוי לאַנג געפּיקט, ביז ער איז פאַר ווייטיק געשטאָרבן.

אין דעם חופּה־טאָג באַגינען
זײַנען פליגן אָן אַ זינען
אומגעפלויגן הין און הער
און געאַרבעט נעבאַך שווער:

יענער האָט געפעלט אַ פליאַטע,
דער אַ יאַקל, אַ קאַפּאָטע [4];
און פאַרשמײַעט און צעדרײַט
צום באַזעצנס זיך געגרײַט.

כּלה־מײדלאַך, שטאַרק צעטראָגן,
האָבן זיך געפּוצט, געצוואָגן,
די האָט צוגענײט אַ שלעפּ,
יענע האָט געפלאָכטן צעפּ.

ווען מ'אײַלט זיך — דאַמאָלסט גײט ניט,
און דער טאָג, דער טאָג ער שטײט ניט —
באַלד וועט שוין די זון פאַרגײן;
צו באַדעקנס דאַרף מען גײן.

און אין גאַס דערווײַל די גרילן
האָבן שוין גענומען שפּילן
אַ דאָברידזיען [5], אַ וויוואַט [6],
חתנ'ס צד און כּלה'ס צד.

שפּעט אין אָוונט ערשט גענומען
האָבן ביסלאַכווײַז צו קומען
מחותנים פון דער ווײַט —
פײַנע אָנזיכטיקע לײַט:

פּערצן וואַזשנע [7] טאַראַקאַנעס [8]
אין באַזילבערטע זשופּאַנעס [9]
האָבן זיך געלאָזט אַלײן
צו דעם חתן־מאַלצײַט גײן.

[4] אַ לאַנגער מענערשער מלבוש. [5] אַ „גוט־מאָרגן“. [6] אַ „ברוך הבא“.
[7] וויכטיקע. [8] פּרייסן, „קאַקרוטשעס“. [9] זשופּיצעס, קאַפּאָטעס.



און נאָך זײַ אַ חברה פֿרײַסן,
און אַ פֿלאַטערל [10] אין װײַסן,
צװײַ גאָטס-בהמה'לאַך אין גרין,
זיבן מוקן [11] און אַ בין.

באַלד פֿון דעם קבלת-פּנים
זײַנען אַלע מחותּנים
אין אַ גוטער שעה אַװעק
צו דער חופּה איבער װעג.

אונטערפֿירער, טאַראַקאַנעס
מיט די װאָנצן, װי בײַ פּאַנעס [12],
מיט הבדלות [13] אין די הענט —
האָבן גאָר אַ װעלט געברענט!

און אַנטקעגן, הינטער הרובע [14]
האָט מען אױפֿגעשטעלט אַ חופּה;
דאָרטן האָט די יונגע פּאָר
זיך פֿאַרקניפּט אױף לאַנגע יאָר.

פֿון דער חופּה נאָר געקומען,
האָט מען תּיכּף [15] זיך גענומען
אױסצוזעצן יעדן גאַסט
בײַ די טישן, װי עס פּאַסט.

מיט אַ סדר, ניט פֿאַרגעסן
װעמען װאָס צו געבן עסן, —
ס'האָט אױף דעם געהאַט איר בליק
אַ געניטע שפּאַניער פֿליג.

אין די שאָלאַכצן פֿון ניסלאַך
איז געװעזן אַלץ צו ביסלאַך:
ברעקלאַך צוקער, גרײַפּלאַך ברױט
און אפֿילו װערים-קרױט.

[10] זומער-פֿײגעלע. [11] פֿליגעלאַך אַזעלכע, קאָמאַרען, „מאָסקיטאָס".
[12] פּריצים. [13] געפֿלאָכטענע ליכט. [14] אױװן. [15] באַלד.

אַלץ געווען, גאָט צו דאַנקען!
און די עסנס, די געטראַנקען
האָבן אַלעמען געשמעקט —
מ'האָט די פינגער גאָר געלעקט.

נאָכ'ן עסן האָבן גרילן
אָנגעהויבן טעניץ צו שפּילן,
און דער עולם האָט מיט פרייד
אין אַ פריילאַכס זיך געדרייט.

און געטאַנצט מיט פאַרגעניגן
האָבן אַלע: פרייסן, פליגן,
ניט געקוקט מיט וועמען ווער
זיך געהאָפּקעט אין אַ שער[17].

און וואָס ווייטער מער דערוואַרעמט,
מער געטומלט, מער געליאַרעמט —
און באַשטעלט האָט מען ביי'ם גריל
אַ צוועלף־פאָריקן קאַדריל[18].

און די מוקן, וואוילע יונגען,
האָבן טאַנצנדיק געזונגען,
און דאָס פלאַטערל אין ווייס
האָט צעקושט זיך מיט אַ פרייס.

מיטאַמאָל, אין מיטן רומל[16],
איז געוואָרן דאָרט אַ טומל:
ערשט מען זעט אַ שפּין קומט אָן,
גלייך צום רעכטן אויבנאָן.

גייט און ציט נאָך זיך אַ קניילכל
און זיין קניילעכדיקן ביכל —
אַזוי מאָדנע ווי עס איז —
טראָגט ער אויף די לאַנגע פיס.

---

[16] אין מיטן דרינען אין דער שמחה. [17] אַזאַ טאַנץ. [18] אַזאַ טאַנץ.

איז געוואָרן אַ מהומה.
פון דער כלה׳ס צד אַ מומע
האָט אין גרויסן טומל דאָרט
גלײַך גע׳חלש׳ט אויפ׳ן אָרט.

קוים דערמינטערט זי אַביסל...
מיט אַן אויסגעלענקטן פיסל
האָבן חברה יונגעלײַט
אָפּגעפירט זי אָן דער זײַט.

און אין טומל אין דעם גרויסן
האָט מען זיך גענומען שטויסן.
בלויז אַ שטילער טאַראַקאַן,
אַ באַיאָרטער, קלוגער מאַן,

האָט זיך דאָרטן ניט פרלאָרן;
ער איז מער ניט בייז געוואָרן,
אויפגעשטעלט זיך און האָט באַלד
אויפגעהויבן דאָרט אַ גוואַלד:

„סטײַטש, אַ שמחה גאָר פאַרשטערן!
לאָמיר קאָרשט [19] אַפריער הערן,
אפשר קומט דער שפּין אַהער,
ווי אַ פּראָסטער גאַסט ניט מער!

איך וועל קאָרשט אים גיין אַנטקעגן
און איך וועל אים טאַקע פרעגן,
ווײַל דער שפּין איז, ווי מיר שײַנט,
מײַנער גאָר אַן אַלטער פרײַנט.“

און אַביסל אָנגעבלאָזן,
האָט ער זיך צום שפּין געלאָזן.
וואָס גערעדט זיי האָבן דאָרט,
האָט מען ניט געהערט קיין וואָרט.

---

[19] נאָר.

נאָר ער איז צוריקגעקומען
מיט דעם שפּין אַרומגענומען —
„קום, מײַן ליבער פֿרײַנט אַרײַן,
נעמען דאָ צו ביסלאַך ווײַן.“

און אַ הויכע פֿליג, אַ דאַרע,
האָט גענומען מאַכן וואַרע,
מאַכן וואַרע, ווי עס פּאַסט,
פֿאַר אַן אָנגעלייִגטן גאַסט.

און די קלעזמער—קלוגע גרילן—
האָבן אָנגעהויבן שפּילן
פֿאַר׳ן שפּין מיט גרויס פּאַראַד
אַ גרויסאַרטיקן וויוואַט.



און דער שפּין האָט פֿונדערווײַטן
זיך געוויגט אין אַלע זײַטן
און ער האָט דער יונגער פֿאָר
צוגעוואונטשן לאַנגע יאָר.

„אַז צום גוטן — איז מיט גוטן,
בין איך אויך דאָרט אַ מחותן . . .
טאַקע ווי איר זאָגט אַלייִן:
נאָר אויף שמחות זאָל מען גייִן“..

אָנגעקוואָלן האָבן אַלע,
ווען דער חתן מיט דער כלה
האָבן אײדל, שייִן און פֿײַן
מיט דעם שפּין געטרונקען ווײַן.

די גאָטס-בהמה׳לאַך, די קלייִנע,
און די מאַטעלאַך די שייִנע,
האָבן דורכגעטאַנצט מיט גלאַנץ
פֿאַר׳ן שפּין אַ ברוגז-טאַנץ.

אַלע האָבן צוגעזונגען
און לחיימ'ס פיל געטרונקען;
שיכור'לאַך האָט שוין דער שפּין
זיך געהעגטלט מיט דער בין.

און אַזוי איז מען געזעסן
און געטרונקען און געגעסן.
נאָכדעם האָט דער שפּין אַליין
זיך געלאָזט אַ טענצל גיין.

און דער עולם האָט געליאַרעמט,
און דער שפּין אַלץ מער דערוואַרעמט;
און אַזוי האָט מען אַ נאַכט
ביז אין העלן טאָג פאַרבראַכט.

אוי, וואָס דאָרטן האָט געטאָן זיך!
איצטער אויך, אַז איך דערמאָן זיך
נעמען מײַנע פיס אַליין
איבער'ן שטוב אַ טענצל גיין.

ס'איז אַ חתונה געוועזן,
וואָס מען קאָן גאָרניט פאַרגעסן.
ווײַל עס טרעפט זיך זעלטן ווען
אַזאַ חתונה צו זען.




בײַ דעם קעניג׳ס טעכטערל
שפּרינגט אַרויס אַ טשיריק[1],
ווי אַ שפּילקע־קעפּעלע,
ווי אַ קלײנער חיריק[2].

גײט מען נאָכ׳ן דאָקטערל,
שיקט מען צוויי שטאַפּעטן[3] —
צו דעם קעניג׳ס טעכטערל
דאָקטערל פֿאַרבעטן.

טוט ער בערדל גלעטן זיך,
טוט ער בערדל קאַמען:
ס׳שאַדט ניט, אַלטער דאָקטערל
ווערט דאָך ניט פֿאַרזאַמען.

טוט ער אָן אַ צילינדערל,
ברײטע פּעלערינע[4] —
נעמט ער מיט אַ פֿלעשעלע,
פֿלעשל מיט ריצינע[5].

נעמט ער מיט אַ פּראָשעקל[6]:
ציגל — געל — צעריבן.
פֿון אַ חולה[7] פֿריער נאָך
אין פּאַפּיר געבליבן...

שמעק־טאַבאַק אַ שקעטעלע[8] —
מעשה אַלטער רבי!
אַלטע וואַטע־שמאַטעלע,
לאַקריץ און קובעבע[9].

און אַ ביסל זויער זאַלץ,
און אַ ביסל זאָדע,
און אַ קלײן פֿלעשעלע,
פֿלעשעניו מיט יאָדע.

און אַ צענדליק גלעזעלאַך —
באַנקעלאַך צו שטעלן,
און אַ געלכל־זעלבעלע —
גאָגל־מאָגל[10] געלן.

און אַ קלײנעם שפּריצערל,
שפּריצערל מיט בײנדל.
פּילן — קלײנע פּילעלאַך
פֿון צעמאָלטן שטײנדל.

שליאַז־צוקערקעס, האָניקלאַך,
זיסן קאַנדל־צוקער.
אויער־רערל — טרײַבעלע
און שפּאַקטיוון־קוקער.

און מיט אַלע קלימפּערלאַך —
אַקוואַ דעסטילאַטאַ[11],
גײט צום קעניג׳ס טאָכטערל,
גײט ער ווי אַ טאַטע!

ווײַל בײַ׳ם קעניג׳ס טאָכטערל
שפּרינגט אַרויס אַ טשיריק,
ווי אַ שפּילקע־קעפּעלע,
ווי אַ קלײנער חיריק...

[1] אַן אָנגעריסענער, אײטערדיקער פּרישטשיק, „פּימפּל״. [2] אַ פּינטעלע. [3] שליחים, רײטער. [4] אַ מאַנטל אָן אַרבל, „קייפּ״. [5] קאַסטאָר אויל. [6] פּודער. [7] קראַנקן. [8] שאַכטעלע, פּושקעלע, קעסטעלע. [9] שפּאַס־מעדיצינען. [10] הײמישע רפֿואה, געמאַכט פֿון אײער מיט צוקער פֿאַר הייזעריקע. [11] וואַסער־טראָפּנס—מעדיצינישער טערמין.



קומט ער אָן צום פּאַלאַצל —
עפענען זיך טירן.
טוט מען דאָקטער אַלטיטשקן
פאַר די הענטלאַך פירן.

צימער־אײַן און צימער־אויס,
דרײַ־און־דרײַסיק זאַלן:
אַזש עס ווערט דער דאָקטערל
שטאַרק בײַ זיך געפאַלן.

שטאַרק געפאַלן און געקלעמט,
מורא'דיק דערשראָקן:
אַזש עס ציטערן די פיס —
פיס אין זײַנע זאָקן...

נעמט־אַראָפּ צילינדערל
מיט פּאַרוק [12] צוזאַמען.
מיט די פינגער בערדעלע —
טוט ער בערדל קאַמען.

און ווען קומען קומט אַרײַן
צו דעם קעניג'ס טאָכטער —
קוים וואָס אָטעמען ער קען,
מיט נשמה פאָכט ער.

טרעפט ער אַלץ דערנעבן נאָר
און באַטראַכט געלויפיק,
שטאָט דער נאָז אַרומקוקן —
טאַפּט ער גאָר דעם דופק [13]...

„מאַזלען — זאָגט ער — איז
בײַ'ם קינד...
אָדער — אפשר — פּאָקן...
אָדער—אפשר—טיפוס גאָר... —
זאָגט ער שטאַרק דערשראָקן...

אָבער... אָבער נישט געזאָרגט —
עיקר [14] — איז נישט זאָרגן!
מאָרגן וועלן ווייסן מיר,
מאָרגן, איבערמאָרגן!"

איז דערווײַלע נישט קײַן פּלאַן
שלאָפן אין די זאַכן:
עפּעס דאַרף מען זיכער טאָן,
עפּעס דאַרף מען מאַכן!

נישט צום לאַכן איז די זאַך:
דאַרף מען וואָס פּרובירן —
מיט קובעבע־לאַקריץ מאַשטש [15]
פלײצקעלע באַשמירן.

און דעם פּראָשעק ציגל־געל,
וואָס מיט קנאָבל דופט ער,
גיט ער נאָר אַ טײ־לעפל
מײדעלע אַ פּרואוו־טאָן.

און ווען קעניג'ס טעכטערל
עפנט ליפּלאַך דינע —
גיט ער איר אַ טראָפּעלע
שלינגען פון ריצינע.

און כדי אַ נים צו טאָן —
פּריווילאַכקײַט צו וועקן,
גיט ער איר פון שקעטעלע
שמעק־טאַבאַק צו שמעקן!

[12] פּרעמדע האָר. [13] פּולס. [14] די הויפּט־זאַך. [15] זאַלב.



זאָדע און דעם זויערזאַלץ
גיט ער האַלדז צו שווענקען —
וועט זי ווערן גאָר געזונט,
וועט זי אים געדענקען.

שענקען וועט זי אוצרות אים —
וועט ער זײַן „אין מאָדע"
פאַר דעם גאָגל־מאָגל געל,
פאַר די ברוינע יאָדע.

אויסגעשפּריצט מיט שפּריצערל,
אײַנגעגעבן פּילן —
וועט זיך קעניג׳ס טעכטערל
זיכער בעסער פילן!

וועט זיך נאָך די באַנקעלאַך
עפּעס גוטס פאַרגלוסטן —
זײַנען קאַנדל־צוקערלאַך,
זאָגט ער, גוט צום הוסטן!

און דערנאָך צום בײַכעלע
וואַרעמונג מיט וואַטע,
מיט צעראַטע[16] צוגעלײגט
אַקוואַ דעסטילאַטאַ.

און איז אַלץ שוין אָפּגעטאָן,
און דערשוויצט געוואָרן —
האָט ער לעבן צוגעזאָגט
הונדערט צוואַנציק יאָרן...

און געקוקט מיט מאַטערניש
אין שפּאַקטיוון־שײַבל,
און צום האַרץ זיך צוגעהערט
מיט׳ן רערן־טרײַבל.

און אַ גוטן־טאָג געזאָגט:
— זײַט געזונט! אַ גוטן!
האָט אַ שעה געדויערט דאָס
אפשר מיט מינוטן:..

איז — אויף מאָרגן, ווען ער האָט
מיט אַ סך דאָקטוירים
אויסגעלערנט ביכער גרויס
דאָקטערשע מחזורים[17] —

איז אויף מאָרגן, ווען ער איז
אין זײַן שטוב געזעסן,
און אָן קעניג׳ס טעכטערל
שוין כמעט פאַרגעסן —

איז געקומען אַ שטאַפעט
פון דעם שלאָס, דעם ווײַטן,
אויף אַ פערד—אַ פלאַמען־פערד
אויף אַ פערד צורײַטן.

און אים אָנגעזאָגט מיט פרייד,
מיט אַ גרויסער גדולה,
אַז די היילונג האָט געהאַט
גאָר אַ פײַנע פעולה[18].

און דערפאַר, וואָס אויסגעהיילט
טעכטערל פון טיפוס —
שענקט אים קעניג אַ „מאַנדאַל"
און מיט פרענדזלאַך שליפעס[19].

מחמת אָפּגעפאַלן איז
פון איר נאָז דער טשיריק —
גרויס, ווי שפּילקע־קעפּל גרויס,
ווי אַ קלײנער חיריק!

[16] דורכזיכטיקע שטאָף וואָס וואַרעמט. [17] אידישע, יום־טוב׳דיקע געבעט־ביכער. [18] ווירקונג, הילף. [19] „פּאַגאָנעס" וואָס די אָפּיצערן טראָגן אויף די אַקסלען.

# דער צויבערמאַן[1]

יהואָש

קומט דער גוטער צויבערמאַן
אויף אַ גאָלדענעם געשפּאַן;
האָט ער אויגן מילד און שוואַרץ
און אַ דימענטענעם האַרץ.
שטעלט ער זיך אין מיטן מאַרק,
הייבט ער אָן צו רופן שטאַרק:

— כ'האָב מתנות אַלערליי!
קומט און קלײַבט זיך אויס פון זיי!
ווערט אַ טומל און געלאַף,
זעלטן מאַכט זיך אַזאַ טראַף[2];
אײַלט זיך יעדער צו דעם גליק,
בלײַבט אַ קינד ניט אין דעם וויג.

זאָגט דער צויבערמאַן און לאַכט:
— כ'האָב פון אַלצדינג מיטגעבראַכט;
זאָגט מיר יעדער זײַן באַגער[3],
איין באַגער נאָר און ניט מער.
האָט איר צײַט אַ פערטל שעה,
און דערנאָך בין איך ניטאָ.

— איין באַגער נאָר און ניט מער,
אויסצוקלײַבן זייער שווער.
קלער אַהער און קלער אַהין,
פאָלג אַ גאַנג מיך און געפין,
וואָס איז בעסער: דאָס צי יענץ —
שרײַען אַלע ווי די גענז.

פון די אַלע מענטשן פיל
ווייס ניט איינער, וואָס ער וויל.
זײַנען אַלע אין אַ קלעם[4].
פרעגט מען יענעם, פרעגט מען דעם:
— וואָס נעמט ער? וואָס נעמסטו?
און אין מיטן: טרו־טרו־טרו!
בלאָזט אַ זילבערנער טראָמפּייט;
און פאַרשוואונדן שטילערהייט
איז דער אַלטער צויבערמאַן
מיט דעם גילדענעם געשפּאַן.

---

[1] כישוף־מאַכער, מאַגיקער. [2] טרעפט זיך.
[3] פאַרלאַנג, וואונטש. [4] אַ שטיקל געצייג וואָס קוועטשט צוזאַמען.

# דער אומשולדיקער וועכטער

(אַ פאָלקס־מעשה׳לע)

אברהם רייזען

אַמאָל האָט פּאַסירט... אין אַ שטעטל,
מען האָט שוין פאַרגעסן איר נאָמען —
געשען איז אויפ׳ן מאַרק אַ גנבה:
מען האָט דאָרט באַ׳גנב׳עט די קראָמען.

אויף מאָרגן איז יעדער געקומען
אין מאַרק צו זײַן קראָם מיט אַ שליסל —
דערזעט ער: די קראָם איז שוין אָפן,
און סחורה — ניטאָ דאָרט קײַן ביסל.

מען האָט זיך גענומען צום וועכטער —
אַ איד מיט אַ באָרד שוין אַ גרויע...
„וואו ביסטו געווען?" — דער אַלטער
געשטאַנען איז שטיל מיט הכנעה[1].

האָט אויסגעהערט אַלערלײַ טענות,
ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ וועכטער — געדולדיק,
און נאָכדעם געענטפערט: „אוי, גלויבט מיר,
איך בין דאָ, רבותי[2], ניט שולדיק!

איך האָב זײַ געהיט, ווי מײַן שטײַגער,
ווי איך פלעג זײַ אַלע נאַכט היטן:
איך זאָג אַ קאַפּיטעלע תהילים[3]
און זינג זיך אַ לידל אין מיטן...

[1] אונטערטעניק, נידערשלאָגן. [2] מײַנע הערן. [3] פּסאַלמען.

דאָ זע איך, עס פֿאָרן־צו וועגנס
און עטלאַכע מענטשן דאָרט זיצן;
איך האָב גלײַך פֿאַרשטאַנען: גנבים...
צו וואָס זאָל איך, טראַכט איך מיר, רײַצן?

ווי באַלד אַז איך בין דאָך דער וועכטער,
איז וואָס איז צו האָבן דאָ מורא?...
ווי באַלד אַז איך היט, איז דען מעגלאַך,
זײַ זאָלן אַוועקפֿירן סחורה?

איך האָב זיך פֿאַרוקט אין אַ ווינקל
אומישנע[4]... וואָס וועלן זײַ מאַכן?
ווי באַלד אַז איך בין דאָך דער וועכטער! —
איז קוק איך און פּלאַץ שיר פֿאַר לאַכן...

איך זע פֿון מײַן ווינקל, ווי אײנער
און נאָכדעם אַ צווײטער, אַ דריטער —
זײַ גײען צו שטיל צו די קראָמען —
איז לאַך איך: איך בין דאָך דער היטער!

די העזה[5] בײַ זײַ ווערט נאָך גרעסער,
זײַ הויבן די קראָמען אָן שליסן...
איז לאַך איך — ווי באַלד אַז איך היט זײַ —
און מאַך זיך אַזוי ווי ניט וויסן.

זײַ הויבן אָן עפֿענען קראָמען...
און איך, אײַער ערלאַכער וועכטער,
איך קוק און גיב אַכטונג פֿון ווינקל
און ווער שיר דערשטיקט פֿאַר געלעכטער.

---

[4] מיט אַ כּיוון, אַבזיכט. [5] פֿרעכקייט.

„וואַרט-וואַרט, לאַך איך, וואָס וועט זײַן ווײַטער?...
איר וועט שוין אַ צענטן פאַרזאָגן...“
איך זע, ווי זיי פּאַקן שוין סחורה
און הויבען אָן דרויסן צו טראָגן.

„אַזוי גאָר, גנבים׳לאַך! — לאַך איך —
איר ווילט דווקא [6] פרעמדע פאַרמעגנס!“
און קוק זיך דערווײַל, ווי זיי טראָגן
און לייגן דאָס אַרויף אויף די וועגנס.

איז לאַך איך... וואָס קען עס מיך אַרן —
איך בין דאָך שוין אַלט... ניט קיין אינגל...
איך וועל אײַך, גנבים, שוין ווײַזן —
און לאַך מיר אַזוי אין מײַן ווינקל.

דאָ זע איך, זיי גרייטן זיך פאָרן
און איטלאַכער שפּרינגט אין זײַן וואָגן.
דאָ האָב איך שוין אויפגעהערט לאַכן,
פאַרשטאַנען: מען דאַרף זיי שוין זאָגן.

און אײַדער איך האָב נאָך באַוויזן
דעם יחוס [7] פון גנב פאַרטײַטשן,
זיי האָבן גענומען גלײַך שמײַסן
די פערד נאָכאַנאַנד מיט די בײַטשן.

איך האָב זיי געיאָגט ביז בית-עולם [8]...
פאַרטאָג... אַ סכנה [9]... פול מתים [10]...
די פורן האָב איך ניט דעריאָגט דאָך — —
נו, בין איך דען שולדיק, רבותים?!...

[6] גראָד, נאָר. [7] אָפּשטאַם, גרויסקייט. [8] „הייליקן־אָרט“, בית עלמין.
[9] געפאַר. [10] טויטע.

# דער פרעמדער

מאני לייב

קאַלט און פינסטער איז די נאַכט;
טיר און טויער צוגעמאַכט.
פענסטער בלינדע אָן אַ שײַן
שטאַרן אין דער נאַכט אַרײַן.

קאַלט און פינסטער, קאַלט און שפּעט,
שלאָפט זיך יעדער אין זײַן בעט.
שלאָפן שלאָפט נאָר ניט דער ווינט
און די בילנדיקע הינט.

און דער פרעמדער שלאָפט נאָך ניט, —
און מיט וואַקלענדיקע[1] טריט
און אין שמאַטעס, שטיק אויף שטיק,
און פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריק.
מיט אַ טאָרבע[2] אויף די הענט —
שאַרט ער האַרט זיך בײַ די ווענט.

זעט ער ווײַט אַ פּאַלאַץ שטײן,
לאָזט ער זיך צום פּאַלאַץ גײן.
ביז עס קרײט דער ערשטער האָן,
קלאַפּט ער אין דעם פּאַלאַץ אָן:
סטוק! סטוק! סטוק! — ווער קלאַפּט אין טיר?
— גוטע מענטשן, עפנט מיר!
איך בין עלנד אויף דער וועלט,
מיד פון הונגער און פון קעלט...

סטוק! סטוק! — פרעמדער, גײ אַוועק,
אונזער קלײנעם קינד ניט וועק.
זאַט און וואַרעם און ליו־ליו —
שלאָפט זיך אונזער קינד אין רו...

[1] שאָקלענדיקע. [2] גרויסע לײוונטענע בײטל.

בויגט דער פרעמדער איַין דעם קאָפּ,
קערט זיך פון דעם פּאַלאַץ אָפּ.
זעט ער ווייַט אַ שטיבל שטיין,
לאָזט ער זיך צום שטיבל גיין.
ביז עס קרייט דער ערשטער האָן,
קלאַפּט ער אין דעם שטיבל אָן:

סטוק! סטוק! סטוק! — ווער קלאַפּט אין טיר?
— גוטע מענטשן, עפנט מיר!
איך בין עלנד אויף דער וועלט,
מיד פון הונגער און פון קעלט...

און דער פרעמדער וואַרט ניט פיל,
עמיץ שאַרט זיך אין דער שטיל
ביי דער טיר און ביי דעם שלאָס.
קומט־אַרויס דער באַלעבאָס:

— פרעמדער, פרעמדער, קום אַריַין,
וועסט מייַן גוטער אורח[3] זייַן.

און דער פרעמדער בויגט זיך איַין,
קריכט אין שטיבל קוים אַריַין.
קומט אַריַין און אָטעמט שווער,
קוקט אַהין און קוקט אַהער,
און ער זאָגט אַרויסעט גלייַך:
— נו, אַ פינסטערניש ביי איַיך!

ענטפערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפן נאַפט ניטאָ פאַר וואָס.

[3] גאַסט.

— וו־וו־וואו, איז ביי אייך דאָ קאַלט,
ממש [4] ווי אין מיטן וואַלד.
ענטפערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפן האָלץ ניטאָ פאַר וואָס.

— הייסט עס, ס׳איז ניט פריילאַך דאָ,
און קיין ברויט איז אויך ניטאָ?

ענטפערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפן ברויט ניטאָ פאַר וואָס.
אָך און וויי צו מיינע זינד,
אַז מיין הונגעריק קינד
האָט געוויינט פאַרשמאַכטערהייט:
טאַטע, גיב אַ שטיקל ברויט!"
און אָן כוחות ליגט עס שטיל
איצטער אויפ׳ן האַרטן דיל [6]...

קראַצט דער פרעמדער זיך אין קאָפּ,
לאָזט זיך אויפ׳ן דיל אַראָפּ,
שפּרייט זיין אַלטע טאָרבע אויס
און ער זאָגט אַזוי אַרויס:

— אַז ס׳איז פינסטער דאָ און קאַלט,
ממש ווי אין מיטן וואַלד;
אַז קיין ברויט איז אויך ניטאָ,
לייג איך זיך מיר אָט־אָ־דאָ...

איז ווי נאָר ער זאָגט אַזוי,
טוט דער ערשטער האָן אַ קריי.

---

[4] פשוט און פּראָסט. [5] קרעפּטן. [6] פּאָדלאָגע, „פּלאָר".

ווי עס קרייַט אַזוי דער האָן,
צינדט דער לאָמפּ אַליין זיך אָן,
און דער אויוון גוט און פֿײַן
צינדט מיט האָלץ אַליין זיך אײַן.
און עס ווערט אַליין דער טיש
פֿול מיט טעלער, פֿלייש און פֿיש,
און מיט חלות [7] און מיט ברויט,
ווי אויף יום־טוב צוגעגרייט.

און דער פֿרעמדער — אָט געווען,
אָט געווען און אָט געזען —
פֿלוצלונג טוט אַ זאָג און לאַכט:
— באַלעבאָס, אַ גוטע נאַכט!
און ער פֿליט, ווי ער איז גרויס,
דורך אַ שפּאַלט פֿון טיר אַרויס.

— אוי! אוי! ניסים [8], אָדער וואָס? —
טראַכט בײַ זיך דער באַלעבאָס.
נאָר ער זעט: דער אויוון ברענט,
און דער לאָמפּ באַלײַכט די ווענט,
און דער טיש אַ פֿולער שטייט
מיט מאכלים [9] צוגעגרייט.

טראַכט דער באַלעבאָס ניט פֿיל,
הויבט ער אויף דאָס קינד פֿון דיל,
וואַשן זיי זיך, עסן פֿרום,
זעצן זיך בײַ'ם טיש אַרום.
עסן זיי און לויבן גאָט
פֿאַר זײַן חסד [10] און גענאָד.
און אין דרויסן פֿײַפֿט דער ווינט,
און אין פּאַלאַץ וויינט דאָס קינד.

[7] ווייס ברויט פון זעמל־מעל. [8] וואונדער. [9] שפייזן. [10] גוטסקייט.

לויפט מען איבער׳ן פּאַלאַץ אום
און מען זוכט אַ לאָמפּ אַרום.
זוכט מען דאָרט און זוכט מען דאָ,
און קיין לאָמפּ איז אַלץ ניטאָ.

און אַלץ שטאַרקער וויינט דאָס קינד,
און אין דרויסן פּייפט דער ווינט.
און אין דרויסן פּייפט דער ווינט,
און עס בילן בייז די הינט.

נאָר דעם פרעמדן אַרט עס ניט,
און מיט וואַקלענדיקע טריט,
מיט אַ טאָרבע אויף די הענט —
שאַרט ער האַרט זיך ביי די ווענט.

שאַרט ער זיך אַזוי אַוועק
אין דער נאַכט אין ווייטן וועג.

# דער אוצר

ל. בערקאָוויטש

אין אַ לאַנד אין ווײַטן מזרח
האָט געלעבט אַ מאַן אַן עושר [1],
זײַנע אוצרות ניט צו ציילן —
און אַ קמצן [2] גאָר אַ גרויסער.

אין זײַן רחבות'דיקן [3] פּאַלאַץ
מיט באַדינער און מיט היטער
זײַנע פעלדער צו פאַרזייען
און באַוואַכן זײַנע גיטער.

אין זײַן רײַטוואָגן, ווי אייזלען
פלעגט ער זײַנע שקלאַפן שפּאַנען.
מער ווי מענטשן פלעגט ער שוינען
זײַנע קעמל־קאַראַוואַנען.

פלעגט אַן אָרימאַן ווען דורכגיין
הונגעריק פאַרבײַ זײַן טויער
מיט די קליידער אָפּגעריסן,
אין די אויגן צער [4] און טרויער—

פלעגט ער אָפּקערן דעם פּנים,
אַט אַזוינס ניט אָנצוקוקן.
און אַזוי צו יעדן איינעם
אויסגעדרייט זיך מיט'ן רוקן.

מאַכט זיך איינמאָל, אַז דעם עושר
חלומ'ט זיך אַ חלום:
ס'קומט צו אים אַ גרײַזער [5] נביא [6]
און ער גיט אים פרײַנטלאַך שלום;

---

[1] רייכער. [2] קאַרגער. [3] ברייטן. [4] ווייטיק. [5] גרויער אַלטער. [6] פּראָפעט.

און ער זאָגט אים: „אין דעם מדבר [7]
ליגט אַן אוצר [8] טיף פאַרהוילן;
אַז צו דיר זאָל עס געהערן,
האָט אַלאַ מיך היינט באַפוילן.

„טייַערער ווי גאָלד און פערל
און ווי קלאָרע טורמאַלינען [9];
ס'איז ניטאָ נאָך אַזאַ'ן אוצר,
נאָר ס'איז שווער אים צו געפינען.

„זאָלסטו מאָרגן פרי באַגינען [10]
ווי דו'סט אויפמאַכן די ברעמען,
אָנזאָטלען דייַן בעסטן קעמל
און אַהינצו זיך פאַרנעמען.

„קיינער טאָר דעם סוד [11] ניט ווייסן,
בלויז מיך איינעם מעגסטו פרעגן
ווי אַזוי אַהין צו קומען
דורך דעם מדבר'ס ווייסטע וועגן."

— „גוטער נביא", זאָגט דער עושר,
„כ'בין אויף מדבר־ערד געבאָרן
און איך האָב אויף זייַנע זאַמדן
קיינמאָל ניט מיין וועג פאַרלאָרן."

ווי ער רעדט אַרוים די ווערטער,
שווינדט דער שלאָף פון זייַנע אויגן.
זאָטלט ער זייַן בעסטן קעמל
און ער נעמט זייַן פייַל און בויגן;

און צען פולע לאָגלען [12] וואַסער,
ברויט און פרוכט אין זיבן קוישן
און ער לאָזט אין ווייַטן וועג זיך
נאָך דעם אוצר, נאָך דעם גרויסן.

[7] לאַנד וואו עס וואַקסט גאָר ניט. [8] אַ רייכטום. [9] איידל־שטיינער.
[10] גאַנץ פרי. [11] סעקרעט. [12] בייטלען געמאַכט פון פעל.

דרײַסיק טעג אויף מדבר פּלײנען
אונטער ברענענדיקע זונען,
האָט ער שוין זײַן וועג פֿאַרלאָרן
און דעם אוצר ניט געפֿונען.

ווערן לײדיקער די קוישן,
גרינגער אַלץ די וואַסער־לאָגלען,
נאָר אין האַרצן ווערט אַלץ שווערער,
שווערער אַלץ דער וועג פֿון וואָגלען[13].

ווײַט דער וועג צו אַן אָאַזיס[14],
צו אַ שטראָם מיט קאַלטן וואַסער;
און פֿון דורשט און שאַרפֿן הונגער
ווערט זײַן פּנים גרויער, בלאַסער.

האַלב־פֿאַר׳חלש׳ט ליגט דער עושר,
טוליעט זיך צום קעמל׳ס שאָטן;
טרוקן שוין בײַ אים דער גומען,
נאָר די שטראַלן ברענען, בראָטן.

זײַנע טונקלענדיקע אויגן
ציען זיך צו מדבר׳ס ווײַטן
און . . . פֿונווײַטן ווי אַ פּינטל
קומט אַלץ נענטער צוריײַטן

אַ סאַמאַריטאַן[15] אַ גוטער.
פֿאַר פֿאַרבלאָנדזשעטע, וואָס וואָגלען,
טראָגט ער ברויט און פֿריש־געשעפּטן
קאַלטן וואַסער אין די לאָגלען.

קומט ער אָן און זאָגט צום עושר:
„ס׳איז מסתּם געווען גאָט׳ס ווילן,
האָט ער מיך געבראַכט אַהערצו,
כ׳זאָל דײַן דורשט און הונגער שטילן.

[13] וואַנדערן. [14] אַ פּלאַץ אין מדבר וואו עס וואַקסן בוימער און גראָזן.
[15] אַ גוטער מענטש פֿון לאַנד סאַמאַריע.

„ביסט אַ רײַכער מאַן, דאָס זע איך,
דאָס באַווײַזן דײַנע קלײדער,
נאָר די נויט האָט טויזנט וועגן,
אַזוי פירט זיך שוין גאָט׳ס סדר.“

זאָגט דער עושר: „אַז דו האָסט מיך
אויסגעלײזט פון דער סכנה [16],
וועל איך הונדערט טויזנט רענדלאַך [17]
געבן דיר פאַר אַ מתנה.“

נאָר דער פרעמדער זאָגט: „איך דאַרף ניט,
אַז דו זאָלסט מיר עפּעס שענקען;
גרעסער וועט זײַן דײַן מתנה,
אַז דו וועסט מײַן וואָרט געדענקען“...

און זײ שטײַגן אויף די קעמלען.
און אַזוי ווי בײדע רײַטן,
ערשט זײ זעען שוין דעם פּאַלאַץ
און די גאַנצע שטאָט פונווײַטן.

— — — — — — — — — —

ס׳האָט דער עושר דאַן צעשאָנקען
אָרימע זײַן האַלב פאַרמעגן
און אַלײן מיט ברויט און וואַסער
זיך געלאָזט אויף מדבר־וועגן.

ניט די אוצרות דאָרט צו זוכן
אונטער הײסע מדבר־זונען —
ווײַל דעם גרעסטן אוצר האָט ער
אין דעם מדבר שוין געפונען...

[16] געפאַר. [17] גאָלדענע מטבעות.

# צוויי ברידער

(פֿון „בײַ'ם פֿרעמדן חופּה־קלייד")

י. ל. פּרץ

אויף יענער זײַט ים איז געשטאַנען אַמאָל
אויף הינערשע פּיסלאַך אַ הײַזל אין טאָל;
געשטאַנען זיך אײַנפֿאַך, אָן עזות[1], אָן שטאָלץ,
אָן פּוצאַכץ, אָן צירונג — פֿון לײַם און פֿון האָלץ!
אַ פֿענסטער אַ פּיצלס, נאָר חנ'עוודיק האָלד[2]!
די זון, זי באַשײַנט עס טאָג־טעגלאַך מיט גאָלד!

לבנה און שטערן
פֿאַרהאַלטן זיך גערן
און מאָלן מיט זילבער די שויבן.

דאָס האָט דער הימל די ליבע באַלוינט!
עס האָבן אין הײַזל צוויי ברידער געוואוינט!
עס זײַנען צוויי הערצער זיך ליבלאַך געטרײַ.
שווער איז די אַרבעט, נאָר ס'אַרבעט זיך פֿרײַ!
ווײַם איז דאָס מעבל, מיט קלײַען דאָס ברויט,
נאָר אַלץ איז צוזאַמען — די פֿרייד און די נויט!

גוט האָט זיך געלעבט,
די צײַט האָט געוועבט
איר לאַנגן, איר כשר'ן פֿאָדים!

נאָר אײנמאָל באַווײַזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועל,
פֿול גינגאָלד, שמאַראַגדן[3], עס פֿינקלט זײַן פֿעל!
די שלאַנג איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט;
דער עלטערער ברודער דערזעט זי און טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך עשירות[4] פֿאַראַן!
ווען איך האָב אַ שמאַראַגד — איך אָרימער מאַן!

כ'פֿאַרקויף אים, וואָס ניט?
און וואָלט אויפֿ'ן יאַריד[5]
געקויפֿט מיר צו מעלקן אַ קו!

[1] שטאָלץ. [2] ליב. [3] איידעלע שטיינער. [4] רײַכקייט. [5] גרויסער מאַרק.

די שלאַנגען — זיי ווייסן, וואָס ס׳טראַכט זיך ביי לייט;
זי ווינקט אים און רופט אים אַוועק אין אַ זייט,
און זאָגט אים: „איי, ברודער, וואָלסטו נאָר געוואָלט,
שיטסטו דיר אָנעט אַ פּעסל מיט גאָלד,
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן אַ וועלט,
און אַלץ, וואָס מען קאָן נאָר באַקומען פאַר געלט!

איך מאַך ניט קיין שפּאַס,
פאַראַן אַזאַ סוד[6],
איך קאָן אים דיר זאָגן אין וואַלד!

די שלאַנג איז אַוועק, און דער יונגערער קלערט:
ווי גאָט האָט זיך יעדן זיין שיינקייט באַשערט;
גיי פרעג אים: דער גלאַנץ און די שיינקייט וואָס טויג?
ביי׳ם עלטערן פלאַמט שוין די תאוה[7] אין אויג:
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן — אַך, גוט!
זי זאָל נאָר נישט נאַרן און זאָגן דעם סוד!

קוקט ער צום וואַלד
און גנב׳עט זיך באַלד
פון ברודער אַרויס צו דער שלאַנג.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

„באַטראַכט נאָר דיין ברודער, דאָס איז דאָך אַ קוואַל
פון קרעלן, בריליאַנטן, דיאַמאַנטן־אָפּאַל[8]!
עס טרעפט זיך, ער אַרבעט, און וואונדערלאַך תּיים
ווערט אים, דער שטערן באַדעקט זיך מיט שווייס,
עס טריפן די טראָפּנס!... ער ווישט מיט דער האַנט;
לאָז נישט! דער טראָפּן — דאָס איז אַ דיאַמאַנט!

נאָר אַרבעטן תּיים!
קלייב־אויף דעם שווייס!
שיטסט אָן פעסער דיאַמאַנטן!

[6] סעקרעט. [7] אַ שטאַרקער פאַרלאַנג. [8] איידל־שטיין.

„עס טרעפט, און אים פאַלט פון די ברעמען אַ טרער;
דו שוטה [9], דו מיינסט, עס איז וואַסער ניט מער,
און טרייסט אים און האַלזט אים, דו האַלטסט עס ניט אויס,
און קושסט אים די טרערן פון די אויגן אַרויס!
פאַרשווענדסט דיין פאַרמעגן, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז ווײנען אים שטאַרקער און קלייב יעדן טראָפּ!

**אַ טראָפּ — האָב פאַרשטאַנד —**
**דאָס איז אַ בריליאַנט —**
**רייך וועסטו זיין, ווי אַ קעניג!**

„דערנאָך האָט דיין ברודער אַן איידעלע פעל [10]:
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל — דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט — זאָגסטו — איז עס, בלוט — זאָגסטו — אַ קאַפּ?
דו נאַר! עס איז גינגאָלד! דו צאַפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל עס נאָר בלוטן און בלוטן — נישט קאַרג!
אָנשיטן וועסטו שוין אוצרות אַ באַרג!

**דו זיי ניט קיין נאַר,**
**דו ווער נאָר דער האַר [11]...**
**ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד!"**

די ליפּן פאַרביסן, די פויסטן געבאַלט [12],
גייט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד;
די אויגן, זיי ברענען און זוימען [13] זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ;
ער טרייסט זיך: „איך וועל דאָך נאָר מאַכן אַ פּרואוו:
אַ שטאָך וועל איך געבן אַ קליינעם, נישט טיף;

**מיין ברודער? — איך ווייס!**
**נאָר טרערן און שווייס**
**זיינען דאָך, הערסטו, בריליאַנטן!"**

[9] נאַר. [10] הויט. [11] באַלעבאָס. [12] פאַרקוועטשט. [13] אונטערשטער ברעג פון קלייד.

עס הערט די לבנה נאָך די אייגענע נאַכט,
ווי ס'האָט אינ'ם שטיבל געוויינט און געלאַכט;
עס קוקן די שטערן אין פענסטער אַריין:
ווי לאַכט עס אַ ברודער ביי'ם ברודער'ס געוויין?!
די זון האָט צומאָרגנס געוואונדערט זיך שטאַרק:
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטן אין קאַרק?

עס וואונדערט צוגלייך
דעם וואַלד און דעם טייך:
וואָס איז עס אין שטיבל געשען?

און עס איז געקומען אויףביידע גאָט'ס שטראָף!
דאָס גליק איז פאַרשוואונדן, עס וויינט זיי דער שלאָף[14]
אַוועק איז די ליבע, דער פרידן אַוועק! —
דער שלאָפט ניט פאַר ווייטאָג, דער צווייטער—פאַר שרעק;
דער שרייט: ס'איז מיין עשירות[15], מיין רייכטום, מיין גוט!
און יענער: ס'איז טרערן, מיין שווייס און מיין בלוט!

דער וואָלף און דער לאַם...
אויף יענער זייט ים
פליסט שוין אומשולדיק בלוט!

---

[14] קענען ניט שלאָפן. [15] רייכטום.



# דער שלעכטער קעניג

ל. מילער

(אַ מעשה׳לע)

.1

אַמאָל האָט אַ קעניג געלעבט אין אַ לאַנד,
אַ קעניג, אַ בייזער, אַ שלעכטער.
עס האָט ניט קיין קינדער געשאָנקען אים גאָט;
דערפאַר האָט דער קעניג, דער שלעכטער, געהאַט —
צען טויזנט באַוואָפנטע וועכטער...

און שלעכט איז דער קעניג געווען צו זײַן פאָלק:
גערויבט און געריסן אי צינזן[1], אי שטײַער[1].
מיט שווייס האָט זיך יעדער באַארבעט זײַן פעלד;
און איז נאָר געקומען דער ווינטער, די קעלט —
איז ליידיק געווען דער שײַער[2]...

דאָך שטיל האָט דאָס פאָלק זיך געטראָגן דעם יאָך,
דעם קעניג געווען אונטערטעניג...
עס האָט אין גרוים נויט זיך געלעבט דאָן דאָס פאָלק —
דערפאַר האָט כסדר, אָן חשבון, אָן טאָלק[3],
געהוליעט, גע׳שיכור׳ט דער קעניג...

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

אַמאָל האָט געטראָפן אַ הונגער אין לאַנד:
אַ הייִשעריק[4] האָט דאָן די פעלדער באַפאַלן...
און וויסט האָט דער הייִשעריק געלאָזן די ערד;
און האָט נאָך פאַרמאָגט ווער אַ קו, ווער אַ פערד —
איז אַלעם פון הונגער געפאַלן...

דער קעניג, ער האָט דאָך פאַלאַצן געהאַט
און טײַערע פערד און קאַרעטן...
פיל טײַערע בלומען אויף יעטווידן טראָט,
געבראָטענע טויבן צו עסן געהאַט,
געשלאָפן אין גאָלדענע בעטן...

פיל שפּײַכלערס[5] מיט תבואה האָט דער קעניג געהאַט,
עס האָבן בײַ׳ם קעניג די פערד אין די שטאַלן
אי האָבער, אי היי געגעסן צו זאַט;
אין לאַנד זײַנען קינדער אויף יעטווידן טראָט
פון הונגער אין גאַסן געפאַלן...

.2

פון די הײַזער טרײַבט דער הונגער,
דורך די גאַסן פירט די נויט...
פירט דאָס פאָלק צום קעניג׳ס פאַלאַץ —
בעטן ברויט...

[1] טאַקסעס. [2] אַ שטאַל פאַר תבואה און היי. [3] אָן אַ סדר. [4] אַן אינ־זעקט וואָס פרעסט אויף די פעלדער. [5] הייזער פאַר אויסגעדראָשענע תבואה.

ווי אַ ווינט אַ שטיל געמורמל,
רונד אַרום דעם פּאַלאַצ'ס ווענט,
שטום און בעטנד אויסגעשטרעקטע
דאַרע הענט.

אויף די פּנים'ער — דער הונגער,
פון די אויגן בליקט דער טויט...
רופט דאָס פאָלק אוים צו דעם קעניג:
„גיב אונז ברויט!"

— — — — — — — — — — —

הוליען געסט ביי'ם קעניג'ס טישן,
און דער קעניג שיכור איז;
פּלוצלונג טוט פון אָרט דער קעניג
זיך אַ ריס: —

היי, איר וועכטער! זאָגט, וואָס ווילן,
וואָס פאַרלאַנגען דאָרט די מייז?
בלאַסע ענטפערן די וועכטער:
„ברויט און שפּייז!"...

לאַכט דער קעניג ווילד און שיכור:
— זיי פאַרלאַנגען ברויט און שפּייז?
וואַרפט אַראָפּ פון טיש די ברעקלאַך
צו די מייז...



.3

ווי דער קעניג רעדט דאָס לעצטע וואָרט אַרויס,
טוט אַ פלי פאַרביַי אַ מויז...
רייַבט אַזוי דער קעניג זיך די אויגן אויס,
פליט פאַרביַי אַ צווייטע מויז...

זוכט דער קעניג זייַנע געסט אַרום אין שרעק,
זייַנען זייַנע געסט אַוועק...
און דאָ שטעלט אַ מויז זיך אויף זייַן האַנט אַוועק;
כאַפּט ער צו די האַנט אין שרעק...

ווי דער קעניג טוט אַזוי די האַנט אַ כאַפּ,
שפּרינגט די מויז אים אויפ'ן קאָפּ...
כאַפּט דער קעניג, ווי משוגע, זיך בייַ'ם קאָפּ,
שפּרינגט זי אים אין שוים אַראָפּ...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

איבער זאַלן יאָגט דער קעניג, קאַלך־ווייַס,
יאָגן זיך נאָך אים די מייַז.
און עס צייַגן, פּישטשענדיק, די מייַז
ציינדלאַך קליינע, שאַרף און ווייַס...

טשעפּען זיך די מייַז אין קעניג'ס קליידער אייַן,
קריכן אים אין האַלז אַרייַן...
גראָבט דער קעניג אין דער ערד דעם פּנים אייַן
און פאַרגייט אַזוי אין פּייַן[6]...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

אויף דער ערד, אין פּאַלאַץ, הענט און פיס צעשפּרייט,
ליגט דער שלעכטער קעניג טויט...
פון דעם קעניג'ס שפּייַכלערס גייען קינד־און־קייט
און זיי טראָגן זעק מיט ברויט...

[6] ווייטיק. [7] גרויס און קליין.



שפּילן — סצענידטע פּאָעמען

# דאָס ליד פון אויערהאָן[1]

יהואש
די קינדער פון אידישע
שולן — א מתנה

(אַ ראַנד־טאַנץ — קאָלעקטיווע דעקלאַמאַציע)

אויער־אויער־אויערהאָן,
פלינקער פויגל אויערהאָן,
וואו ביסטו געפלויגן,
וואו ביסטו געווען?

אין אַ ווײַטן לאַנד,
אין אַ שײנעם לאַנד,
טויזנט לענדער, טויזנט בערג,
און דערנאָך אַ וואונדערלאַנד.

וועלדער ווילדער וועלדערלינג,
וואונדער, וואַנדער וואונדערלאַנד. (צוויי מאָל)

אויער־אויער־אויערהאָן,
שײנער פויגל אויערהאָן,
ווי ביסטו געוועזן
באַקלײדט אויפ'ן וועג?
ווי ביסטו געוועזן
באַפוצט אויפ'ן וועג?

גינגאָלד קאַמען אויפ'ן קאָפּ,
דימענט רינגען אויף די פיס,
רויטע סאַמעט אויף די פליגלען,
רויטע קרעלן אויפ'ן האַלז.

רינגל ראַנגל ראַנגעלינג,
פויגל פליגל פליגעלינג. (צוויי מאָל)

אויער־אויער־אויערהאָן,
האַרציק פויגל אויערהאָן,
ווי ביסטו געפלויגן
אַלײן און אַלײן?

---

[1] אַ לעגענדאַרישער האָן.

די זון פאַר אַ חבר,
דעם ווינט פאַר אַ קנעכט,
ווײַס־וואָלקן לינקס
און ווײַס־וואָלקן רעכטס,
לענדער גרין און הימל בלאָ,
הונדערט מײַלן אין אַ שעה.
לענדער לינדער לאַנדעלינג,
וואָלקן וועלקל וואָלקעלינג. (צוויי מאָל)
אויער־אויער־אויערהאָן,
קינדער־פויגל אויערהאָן,
וואָס האָסטו געגעסן
אין גאַנצן וועג?
וואָס האָסטו געטרונקען
אין גאַנצן וועג?
געטרונקען אַ טוי
פון אַ זילבערנעם בלאַט,
געגעסן אַ ווײַץ
פון אַ גאָלדענעם זאַנג,
געווישט זיך דאָס מויל
מיט אַ זײַדענעם קווײַט[2].
זאַנגען זוניק זאַנגעלינג,
זילבער זעלבער זילבערלינג. (צוויי מאָל)
אויער־אויער־אויערהאָן,
וואַנדער־פויגל אויערהאָן,
וואָס האָסטו געטאָן
אַ גאַנצן טאָג?
וואו ביסטו געשלאָפן
אַ גאַנצע נאַכט?
געזונגען אַ ליד
פון פרי ביז שפּעט,
געשלאָפן בײַנאַכט
אויף אַ שטערן־געבעט,
געהערט אין דעם שלאָף,
ווי די פײַער־פליג רעדט.
שטערן שימער שעמערלינג,
פײַער פליגל פײַערלינג. (צוויי מאָל)

---

[2] בלום.

אויער־אויער־אויערהאָן,
קלוגער פויגל אויערהאָן,
וואָס האָסטו געזען
אין שיינעם לאַנד?
וואָס האָסטו געמערקט
אין וואונדערלאַנד?

הייזער פון וואַסער
און אויוונס פון אייז,
ביימער, וואָס קרייען,
און פיש כאַפּן מייז,
לעמער מיט פליגלען
און קעמלען אָן קעפּ,
הינער, וואָס ריידן,
און ענטלאַך מיט צעפּ.

לעמער לאַמער לעמערלינג,
קעמל קאַמל קעמעלינג.
(צוויי מאָל)

אויער־אויער־אויערהאָן,
קאַרגער, קאַרגער אויערהאָן,
אַלע לענדער אויסגעוועזן
און די קינדער נישט געבראַכט...
אַלע וואונדער אָנגעזען
און די קינדער אָפּגענאַרט.

אַלע לענדער אויסגעוועזן
און אַ שיין געשאַנק געבראַכט
אַלע וואונדער אָנגעזען
און פון ווייט אַ ליד געבראַכט.
(צוויי מאָל)

לידל־לעדל לידערלינג,
זעמער, זומער זעמערלינג;
אויער־אויער־אויערהאָן,
קינדער־פויגל אויערהאָן,
לידל־לעדל לידערלינג,
זעמער, זומער זעמערלינג,
אויער־אויער־אויערהאָן,
פליט אַוועק דער אויערהאָן.



„דאָס ליד פון אויערהאָן" קען סצענירט ווערן אַזוי:

די בינע אָדער צימער שטעלט פאָר אַ זומער־פעלד. פאַרנאַכטלאַך. פרייליכע קינדער (אינגלאַך און מיידלאַך) לויפן אָן פון אַלע זייטן, אָנגעטאָן אין פאַרשיידענע קאָלירן, פאַנגען אָן טאַנצן אַ קאַראַהאָד און זינגען דערביי די לעצטע סטראָפע פון ליד:

זעמער, זומער, זעמערלינג,
לידל, לעדל, לידערלינג,
אויער־אויער־אויערהאָן,
קינדער־פויגל אויערהאָן;
לידל, לעדל, לידערלינג,
זעמער, זומער, זעמערלינג.

און פאַרענדיקן מיט:

אויער־אויער־אויערהאָן,
אָנאָ פליט דער אויערהאָן.

און ווי די קינדער זינגען און טאַנצן אַזוי, פליט־אָן דער אויערהאָן — אַ קינד, פאַרקליידט ווי אַן אויסטערלישער האָן. די קינדער הערן אויף טאַנצן און זינגען, און דער אויערהאָן פלאַטערט איבער דער בינע אַ ווײַלע און שטעלט זיך אין מיטן ראָד. טרעט אַרויס איין קינד און פרעגט די ערשטע סטראָפע, און דער אויערהאָן ענטפערט פלאַטערנדיק אין ראָד. ווען ער ענדיגט, רינגלען אים אַרום די קינדער, נעמען זיך פאַר די הענטלאַך און זינגען, טאַנצנדיק אין ראָד:

וועלדער, וועלדער, וואַנדערלינג,
וואונדער, וואונדער, וואונדערלאַנד;
וועלדער, וועלדער, וואַנדערלינג,
וואונדער, וואונדער, וואונדערלאַנד.

יעדע פראַגע פון אַן אַנדער פערז פרעגט אַן אַנדער קינד, און ער ענטפערט. — אַזוי כסדר. צום סוף, ווען דער אויערהאָן ענטפערט און פליט אַרויס פון ראָד און פלאַטערט איבער דער בינע און פאַרשווינדט, טאַנצן נאָך אַלע די קינדער אין ראָד און פאַרענדיקן מיט:

„אויער־אויער־אויערהאָן,
פליט־אַוועק דער אויערהאָן."

און צעלויפן זיך.

# דרײַ מלאכים

מאני לייב

— אײַ ליו־ליו, אײַ ליו־ליו,
מאַך, מײַן קינד, די אײגלאַך צו,
דרײַ מאָל קרייט דער רויטער האָן,
קומען דרײַ מלאכים אָן.

שיינע קרוינען טראָגן זיי,
ווײַסע פליגלען האָבן זיי,
פּאַכען לײַכט און פּאַכען לינד
אַרום וויגל פון מײַן קינד.

— ערשטער מלאך פון דער נאַכט,
וואָס האָסטו מײַן קינד געבראַכט?

„אויף מײַן קאָפּ טראָג איך אַ קרוין,
האָב איך דאָרט אַ כשוף־שטיין[1],
טו איך מיט'ן שטיין אַ דריי,
אויף דײַן קינד — אַ דריי אַזוי,
ועט ער האָבן לאַנגע יאָר
און דערלעבן גרויע האָר.“

— צווייטער מלאך פון דער נאַכט,
וואָס האָסטו מײַן קינד געבראַכט?

„אויף מײַן קאָפּ טראָג איך אַ קרוין,
האָב איך דאָרט אַן איידל־שטיין,
טו איך מיט'ן שטיין אַ דריי,
אויף דײַן קינד — אַ דריי אַזוי,
וועט ער לערנען גוט און פײַן
און אַ תלמיד־חכם[2] זײַן.“

— דריטער מלאך פון דער נאַכט,
וואָס האָסטו מײַן קינד געבראַכט?

„אויף מײַן קאָפּ טראָג איך אַ קרוין,
האָב איך דאָרט אַ דימענט־שטיין,
טו איך מיט'ן שטיין אַ דריי,
אויף דײַן קינד — אַ דריי אַזוי,
וועט ער זײַן אַ גרויסער גביר,
האָבן אוצרות אָן אַ שיעור.“

---

[1] אַ כּישופֿדיקער שטיין. [2] גרויסער געלערנטער.

# דריי מלאָכים

(אראַנזשירט פאַר שפּיל)

זומער, ביינאַכט. די לבנה שיינט.

די בינע שטעלט־פאָר אַן אָרים, דאָרפיש שטיבעלע. דורכ'ן פענסטערל שיינט די לבנה. אין מיטן בינע שטייט אַ וויגעלע מיט אַ שלאָפנדיק קינד אין רעם. און איבער'ן וויגעלע, אַנגעשפּאַרט, זיצט אַ יונגע מאַמע, קענטיק אַ מידע, און רדימלט און חלומ'ט.

אויף דער פּיאַנע שפּילט עמיצער שטיל אַ צאַרטע וויג־ליד.

מיטאַמאָל לויפן אריין דורך דער טיר, ווי וועלנדיק זיך אויסבאַהאַלטן פון עמיצן, פייעס [1], זומערדיק־לייכט אָנגעטאָן, אין פלאַטערדיקע לייכטע שלייערם, דערזעען די דרעמלענדיקע מאַמע מיט'ן שלאָפנדיקן קינד, ווערן פאַר'חידושט, קוקן זיך אַרום און באַמערקן די אָרימקייט און עלנד און פאַנגען־אָן טאַנצן פול מיט באַדויערן אַרום דער מאַמען מיט'ן קינד. דער טאַנץ ווערט אָבער באַלד פריילאַכער, טרייסטפולער און ווערט פאַרענדיגט כמעט מיט עקסטאַז [2]. דעם טאַנץ באַגלייט די פּיאַנע מיט אַ פאַסיקער מעלאָדיע.

פלוצלונג הערט זיך אַ שטילינקער קלאַפּ אין פענסטערל. די פייעס לויפן אַרויס. און דאָס קינד וועקט זיך, און די מאַמע וויגט און זינגט שלעפעריק (די פּיאַנע באַגלייט זייער שטיל):

— איי ליו־ליו, איי ליו־ליו,  
מאַך, מיין קינד, די אייגעלאַך צו;  
דריי מאָל קרייט דער רויטער האָן,  
קומען דריי מלאכים אָן.

שיינע קרוינען טראָגן זיי,  
ווייסע פליגלען האָבן זיי,  
פאָכען לייכט און פאָכען לינד  
אַרום וויגל פון מיין קינד.

---

[1] וואַלד־מיידלאַך. [2] גרויס באַגייסטערונג.

די לעצטע צוויי שורות זינגט די מאַמע צוויי מאָל און פאַרענדיקט מיד און לאַנגזאַם, שלעפערדיק, און שלאָפט ווידער איין. דורך דער טיר קומען אַריין אַ גרופע פון דריי מלאכים, אָנגעטאָן אין אָראַנזש־לייכטע קליידער, מיט גאָלדענע טרומפייטן (געמאַכט פון קאַרטאָן), און נאָך זיי אַ מלאך (אַ גרעסער קינד), אָנגעטאָן אין ווייסן, מיט אַ קרוין, באַפּוצט מיט שטיינער, אויפ'ן קאָפּ. קומען אַריין און זינגען מיט פאַרמאַכטע ליפּן די וויג־ליד־מעלאָדיע, אויפהייבנדיק די טרומפייטן, און שטעלן זיך ביי'ם זייט אַזוי, אַז דער ווייסער מלאך זאָל אויסקומען ביי'ם קינד צוקאָפּנס. עס הערט זיך אַ קריי פון אַ האָן, און דאָס קינד וועקט זיך; און די מאַמע זינגט ווידער פאַרשלאָפן און פרעגט:

— ערשטער מלאך פון דער נאַכט,
וואָס האָסטו מיין קינד געבראַכט?

און דער ווייסער מלאך ענטפערט:

„אויף מיין קאָפּ טראָג איך אַ קרוין,
האָב איך דאָרט אַ כּישוף־שטיין.
(נעמט אַראָפּ דעם שטיין)
(דרייט דעם שטיין איבער'ן קינד)
טו איך מיט'ן שטיין אַ דריי
אויף דעם קינד — אַ דריי אַזוי,
וועט ער האָבן לאַנגע יאָר
און דערלעבן גרויע האָר." (פליט־אָפּ לאַנגזאַם אָן אַ זייט).

דאָ טרעטן ווידער אַריין אַ גרופע פון דריי מלאכים, אָנגעטאָן אין געלע קליידער, מיט בלומען־קראַנצן אין די הענט, און נאָך זיי ווידער אַ מלאך אין ווייסן מיט אַ קרוין אויפ'ן קאָפּ. זינגען מיט פאַרמאַכטע ליפּן די זעלבע וויג־ליד־מעלאָדיע, טרעטנדיק צום טאַקט, און די פריערדיקע גרופּע העלפט־צו. שטעלן זיך אַוועק צוקאָפּנס ביי'ם קינד. עס הערט זיך פּלוצלונג ווידער אַ קריי פון אַ האָן. דאָס קינד וועקט זיך, און די שלאָפנדיקע מאַמע פרעגט ווידער:

— צווייטער מלאך פון דער נאַכט,
וואָס האָסטו מיין קינד געבראַכט?

(ענטפערט דער צווייטער מלאך):

„אויף מיין קאפ טראג איך א קרוין,
האב איך דארט אן איידל־שטיין
(נעמט־אראפ דעם איידל־שטיין)
טו איך מיט'ן שטיין א דריי
אויף דיין קינד—א דריי אזוי
(דרייט איבער'ן קינד דעם שטיין)
וועט ער לערנען גוט און פיין
און א תלמיד־חכם זיין."
(פליט אויף אפ אן א זייט).

טרעט ווידער ארייו א גרופע מלאכים פון דריי, אנגעטאן אין העל־בלויע קליידער, מיט הארפן אין די הענט, און שפילן און זינגען מיט'ן זעלבן סדר. און נאך זיי א מלאך אין ווייסן, מיט א קרוין, באזעצט מיט שטיינער. גייען צום טאקט נאך דער מעלאדיע, וואס אלע 12 מלאכים זינגען מיט פארמאכטע ליפן... שטעלן זיך אפ צוקאפנס (עס קומט שוין אויס א האלבער ראד). דער האן קרייט, וועקט דאס קינד. די מאמע פרעגט דעם דריטן מלאך:

— דריטער מלאך פון דער נאכט,
וואס האסטו מיין קינד געבראכט?

(און דער דריטער ענטפערט):

„אויף מיין קאפ טראג איך א קרוין,
האב איך דארט א דימענט־שטיין
(טוט ווי די פריערדיקע מלאכים
טו איך מיט'ן שטיין א דריי
אויף דיין קינד — א דריי אזוי,
וועט ער זיין א גרויסער גביר,
האבן אוצרות אן א שיעור."

אלע 12 מלאכים דרייען זיך און זינגען ארום דער מאמען מיט'ן קינד און פארשווינדן איינע נאך די אנדערע, גרופעס־וויין.

דער פארהאנג פאלט לאנגזאם.

מיט פאסיקע בינע־עפעקטן קומט די גאנצע זאך ארויס וואונדער־לאך שיין.

(דעם ערשטן מאל געשפילט אין פילאדעלפיע אין 1925, אונטער ה. גאלדמאנ'ס אראנזשירונג).

# דאָס שלענגעלע אין גן עדן

יצחק קאַצענעלזאָן

(קינדער־שפּיל)

(דאָס שפּיל־צימער פון די קינדער איז דער גן־עדן. אין מיטן גאַרטן זיצט אָדם און חוה. אַ חיה׳לע און אַ בהמה׳לע זיצן נישט ווייט פון זיי. עס לויפט פּלוצלונג אַריין אַ מיידעלע — אַ שלענגעלע, מיט אַ רויט עפּעלע אין דער האַנט און זינגט זיסלאַך).

**דאָס שלענגעלע:**

איך בין אַ שלענגעלע —
לוסטיק, לוסטיק;
איך האָב אַן עפּעלע —
איי ווי גלוסטיק!

איך האָב אים געריסן
פון בוים פון וויסן [1],
ווער עס וויל נאָר —
קאָן געניסן.

בהמה׳לע, בהמה׳לע,
גיב אַ ביס,
ס׳עפּעלע פון ביימעלע
איז צוקער־זיס.

**דאָס בהמה׳לע:**

מע־מע־מע־ע!
לאָז מיך, לאָז!
דיין עפּעלע — פע!
בעסער גראָז!

**דאָס שלענגעלע:**

איך בין אַ שלענגעלע —
לוסטיק, לוסטיק;
איך האָב אַן עפּעלע —
איי, ווי גלוסטיק!

איך האָב אים געריסן
פון בוים פון וויסן,
ווער עס וויל נאָר —
קאָן געניסן.

חיה׳לע, חיה׳לע,
גיב אַ ביס;
אַן עפּעלע אַ מחיה׳לע —
צוקער־זיס.

**דאָס חיה׳לע:**

הום־הום־הום־מ—
נישט גיי אַהער,
איך גיב אַ ברום —
און לעבסט נישט מער.

**דאָס שלענגעלע:**

איך בין אַ שלענגעלע —
לוסטיק, לוסטיק;
איך האָב אַן עפּעלע —
איי, ווי גלוסטיק.

איך האָב אים געריסן
פון בוים פון וויסן,
ווער עס וויל נאָר —
קאָן געניסן.

---

[1] עץ הדעת.

אָדמ׳ל, האַרעלע,
גיב אַ בים;
ס׳עפּעלע, נאַרעלע,
איז צוקער־זים.

אין עפּעלע אין קלײנעם
שטעקט אַ סוד[2],
אַ בים נאָר אײנעם —
און ביסט אַ גאָט.

אײַן בים אין עפּעלע
און געננוג —
ס׳לײַכט אין קעפּעלע
און אײַ, ווי קלוג.

## אָדם:

ניט מאַך מיר קײַן חנ׳דעלע.
טרעט, שלענגעלע, אָפּ;
איך כאַפּ אַ שטײַנדעלע
און שפּאַלט דיר דעם קאָפּ.

## דאָס שלענגעלע:

איך בין אַ שלענגעלע —
לוסטיק, לוסטיק;
איך האָב אַן עפּעלע —
אײַ, ווי גלוסטיק.

איך האָב אים געריסן
פון בוים פון וויסן;
ווער עס וויל נאָר —
קאָן געניסן.

חוה׳לע, שײנינקע,
גיב אַ בים;
ס׳עפּעלע ס׳קלײנינקע —
איז צוקער־זים.

## חוה׳לע:

ס׳עפּעלע ציט דאָך
ס׳עפּעלע שײן...
קלוג איז חוה׳לע,
כ׳וויל קליגער זײַן.

## אַלע:

זעט, חוה׳לע, חוה׳לע
בײַסט אים אײַן!
(דאָס שלענגעלע פאַרשווינדט)
חוה׳לע, חוה׳לע,
וואָס זיצטו אַזוי?
עס שײַנט דאָך די זון,
דער הימל איז בלוי!

## חוה׳לע:

ווײ מיר, איך האָב
געפאָלגט די שלאַנג;
איצט טוט מיר באַנג,
איצט טוט מיר באַנג...

## אַלע:

איז דען ס׳עפּעלע
ניט זים גענוג?

## חוה׳לע:

ס׳איז זים, נאָר איך בין
געוואָרן צו קלוג...

[2] סעקרעט.



# דאָס אָרימע קרעמל

יצחק קאַצענעלזאָן

**אברהמ׳ל:**
איך, אברהמ׳ל, איך, אברהמ׳ל,
האָב געעפנט דאָ אַ קרעמל.
קונים, קונים, קומט צולויפן,
קומט צו מיר מײַן סחורה קויפן.

חיליק, ביליק,
ניט קײַן חילוק[1].
ווער עס קומט — דער
קויפט עס ביליק.

נאַ דיר סחורות,
סחורות גוטע,
און דו סיליק[2]
מיר אַ פּרוטה.

נאָר אײן פּרוטה[3],
נאָר אײן פּרוטה
פֿאַר די סחורות,
פֿאַר די גוטע.

**קונה:**
אַ גוט־מאָרגן דיר, אברהמ׳ל,
זאָג, וואָס האָסטו אין דײַן
קרעמל?

**אברהמ׳ל:**
וואָס געפֿעלט דיר?

**קונה:**
אפשר האָסטו אין געוועלבל
אַ פּיפּס אַ שוואַכן פֿון
אַ שוועלבל?

**אברהמ׳ל:**
נײן, דאָס פֿעלט מיר.

**קונה:**
פֿון גן־עדן, העט, אַ בלימל?
און דאָס טעלערל פֿון הימל?

**אברהמ׳ל:**
נײן, דאָס פֿעלט מיר.

[1] אונטערשייד. [2] גיב. [3] אַ גראָשן, אַ סענט.

**קונה:**
שטראַלן גאָלדענע גיב
אַ בינטל,
גיב אַ פרישן, לינדן ווינטל...

**אברהמ׳ל:**
נײַן, דאָס פעלט מיר.

**קונה:**
אפשר האָסטו טוי אַביסל?
שטערן גלאַנציקע אַ שיסל?

**אברהמ׳ל:**
נײַן, דאָס פעלט מיר.

**קונה:**
אליהו׳ס פערד און וואָגן,
ס׳זאָל מיך הויך, גאָר הויך
פאַרטראָגן.

**אברהמ׳ל:**
נײַן, דאָס פעלט מיר.

**קונה:**
משה׳ס שטעקן? שלמה׳ס
שכל?
חוה׳ס עפל? שרה׳ס שמײַכל?

**אברהמ׳ל:**
נײַן, דאָס פעלט מיר.

**קונה:**
פע, אברהמ׳ל, פע, אברהמ׳ל!
האָסט דאָך גאָר ניט
אין דײַן קרעמל.

**אברהמ׳ל:**
גײַ שוין, גײַ שוין!
בעטסט אַזעלכע מאָדנע זאַכן.
ס׳איז צום לאַכן, טורעס
מאַכן [4] —

גײַ שוין, גײַ שוין!
אָט קומט שמערקע,
אָט קומט בערקע!
זאָגט, וואָס ווילט איר?

**שמערקע און בערקע:**
אַ צוקערקע!

**אברהמ׳ל:**
נײַן, ניטאָ דאָ!

**נאָך אַ קונה:**
האָסטו פעפער, כרײַן אַביסל?
און אַ לעכל פון אַ ניסל?

**אברהמ׳ל** (מיט שמחה):
דאָס אָ האָב איך!

[4] אָפּלאַכן.

# צוועלף אידישע דיכטער

ל. וואָווניק

(דעקלאַמאַציע־שפּיל)

## דעקלאַמאַטאָר:

אינ׳ם שיינעם דיכטער־הויז,
ערגיץ נאָענט אָדער ווייט,
האָבן יונג און אַלט פאַרבראַכט,
יונגע, אַלטע דיכטער־לייט.
לאַנג געשמועסט און גערעדט,
ביז עס איז געוואָרן שפּעט.
בלייבן פּלוצלינג אַלע שטיל.
הייבט זיך איינער אויף פון אָרט,
שפּיצט מען גלייך די אויערן אָן —
מאַני לייב האָט איצט דאָס וואָרט.

## מאַני לייב:

כ׳האָב אַ מעשה׳לע אַ שיינע
פאַר די קינדער מיינע קליינע;
זייט־זשע קינדער שטיל און שאַ,
ס׳איז מיין מעשה׳לע אַזאַ:

ערגיץ ווייט, ווייט פון דאַנען,
צוצוקומען ניט מיט באַנען,
ניט מיט שיפן, ניט מיט פערד —
ערגיץ אויף אַ ווייטער ערד —

## דעקלאַמאַטאָר:

פּלאַצט דאָ נחום יוד אַרויס,
און אַ פרייד פילט אָן דאָס הויז.

## נחום יוד:

דוכט זיך, פעטער עליע פאָרט,
יע, דער פעטער עליע.
יע, געווים איז ער דאָס דאָרט
אין דער לאַנגער דעליע.

שאַ, ער גייט אין שטוב, אַזוי
אָנגעפּעלצט, פֿאַרפֿראָרן —
— גוטן־אָוונט אײַך, אוי וויי,
איז דאָס קאַלט געוואָרן.

**דעקלאַמאַטאָר:**
ווינקט אים איינער מיט דער האַנט:
נחום יוד, זאָל זײַן גענוג.
און עס הערט זיך באַלד אַ קרעכץ
פֿונ׳ם אַלטן שמעון פּרוג.

**פּרוג:**
אוי, נעכטעלאַך, נעכטעלאַך פּוסטע, מיט שניי
פֿאַרשאָטן, פֿאַרגליווערט געוואָרן.
עס פֿליען די ווינטן און קלאָגן אויף זיי
און רוישן און גרימען מיט צאָרן.

**דעקלאַמאַטאָר:**
און אַנסקי שטייט ביי׳ם פֿענסטער גאָר,
באַטראַכט די ווײַסע קאַלטע ערד
און רעדט צו זיך, קוים וואָס מען הערט.

**אַנסקי:**
די שטוב איז קליין, די שטוב איז אַלט,
אין יעדן ווינקל מיסט און קויט.
ס׳איז פֿינסטער, אומעטיק און קאַלט —
אַ קראַנקער שנײַדער זיצט און נייט.
דער שנײַדער נייט,
די נאָדל גייט,
דער מח דרייט,
ס׳איז גרויס די נויט,
ניטאָ קיין ברויט, קיין ברויט.

**דעקלאַמאַטאָר:**
פֿילט זיך רייזען ווי דערשלאָגן,
קאָן עס ניט אַריבערטראָגן.
הייבט ער אויף די הענט און בעט:

**ר י י ז ע ן:**

קום שוין, ליבער פרילינג, קום,
דען עס שמאַכט דאָ יעדע בלום.
און די אָר׳מע, צאַרטע רויז
שטייט אָן קנאָספּן, נאַקעט, בלויז.

**דעקלאַמאַטאָר:**

האָט דאָס ווײַנפּער גלײַך דערהערט;
הייבט ער אויף זײַן קול און זינגט:

**ו ו י י נ פּ ע ר:**

דער האַמער בליצט און שווינגט,
דאָס אײַזן רויט צעגליט.
מיט שטילע, לײַכטע טריט
קומט־אָן מײַן פרייד און זינגט
אַ נײַ און מוטיק ליד.

**דעקלאַמאַטאָר:**

אין אַ ווינקל זיצט יהואָש,
זיצט ער מיט פאַרטראַכטן בליק.
שפּינט ער אינ׳ם ווײַסן ווינטער
טרוימען פול מיט טרייסט און גליק.

**י ה ו אָ ש:**

זיץ איך און איך צייל די טעג,
ביז דער ווינטער וועט אַוועק.

קומט דער גוטער צויבערמאַן
אויף אַ גילדערנעם געשפּאַן.
האָט ער אויגן מילד און שוואַרץ,
און אַ דימענטענעם האַרץ.

**דעקלאַמאַטאָר:**

קומט ער? האַלפּערן זעט אים שוין,
און ער גיט זיך גלײַך אַ הייב.
דונערט־אויס זײַן דונער־ליד
אונזער דיכטער משה־לייב.

**מ. ל. האַלפּערן:**

ווער רופט אַזוי? ווער איז דער מענטש, וואָס איז אַראָפּ
פון באַרג אין האַלבער נאַכט? אין ווילדעסטן גאַלאָפּ

איז ער אַראָפּ פון דאָרט מיט אויסגעשפּרייטע הענט
און עכאָ־ווייט און ברייט, און נאָך און נאָכאַמאָל
האָט זיך דער ווילדער רוף געטראָגן דורכ׳ן טאָל:
אָהאָ, אָהאָ!
אָהאָ, אָהאָ!

**דעקלאַמאַטאָר:**

אויך פּרץ מאַרקיש זעט אים קלאָר;
הייבט ער אויף זיין שטים אין כאָר.

**מאַרקיש:**

עפנט טירן, קומט אין דרויסן,
רייסט די פענסטער, ברעכט זיי אויס;
נעמט אַריין דעם גאַסט דעם גרויסן,
קומט אַנטקעגן אים אַרויס.

**דעקלאַמאַטאָר:**

לאה האָפמאַן הערט דאָס אַלץ ניט,
שפּילט זי זיך אַזוי פאַרטראַכט
מיט איר זיידנס טאַבאַק־פּושקע,
פון סאַמע פּימסן־האָלץ געמאַכט.

**האָפמאַן:**

מאַמע זאָגט, איך זיין אַ דאָקטער;
כ׳וויל ניט, איכ׳ל דאָס ניט זיין,
ווייל אַ דאָקטאָר איז אַ שלעכטער,
נאָר ער קוקט אין האַלז אַריין.

**דעקלאַמאַטאָר:**

לוצקי קוקט איר אין די אויגן,
פרעגט אַ רעטעניש אַ שיינס:

**לוצקי:**

אַ מענטשעלע, אַ קעסטעלע,
אין קעסטעלע צוויי שייבעלאַך —
קוקן פון די שייבעלאַך
קעצעלאַך און טייבעלאַך.

**דעקלאַמאַטאָר:**

האַלב־פאַרשלאָפן, האַלב־פאַר׳חלומ׳ט,

דוכט זיך פון אַ טיפן טאָל,
גרייכן אַלט־באַקאַנטע טענער —
הערט זיך מ. וואַרשאַווסקי׳ס קול.

וואַרשאַווסקי (זינגט):
אוי, העלפט מיר, קינדער, אונטער,
קיין כחות איז ניטאָ.
געקומען איז שוין ווינטער,
דער ווינטער איז שוין דאָ.

דעקלאַמאַטאָר:
אינ׳ם שיינעם דיכטער־הויז,
ערגיץ נאָענט, אָדער ווייט,
האָבן יונג און אַלט פאַרבראַכט,
יונגע, אַלטע דיכטער־לייט.

אַנמערקונג: —

די דאָזיקע דעקלאַמאַציע־שפּיל איז דורכגעפירט געוואָרן צוויי מאָל. דעם ערשטן מאָל האָבן זיך באַטייליקט צוויי קינדער, איינס פאַר׳ן דעקלאַמאַטאָר, און דאָס אַנדערע פאַר די דיכטער. דעם אַנדערן מאָל האָבן זיך באַטייליקט דרייצן קינדער, ד. ה. פאַר יעדן דיכטער אַן אַנדער קינד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעם ערשטן מאָל איז דער איינדרוק געווען שטאַרקער; ווייל ווען מען האָט בלויז צו טאָן מיט צוויי קינדער, קען מען אויסקלייבן קינדער מיט בעסערע פייאיגקייטן, מ׳קען מיט מער דערפאָלג אַרבעטן אויף דער רעזשי, און אַלץ איז מער איינהייטלאַך. דערפאַר אָבער איז פאַר די קלאַסן אָדער קלובן אַ סך בעסער, ווען עס באַטייליקן זיך וואָס מער קינדער. די בעסטע עצה וואָלט דעריבער געווען, אַז ווען מען גרייט־צו אַ גרויסע אונטערנעמונג, פאַר אַ סך מענטשן, זאָלן בלויז צוויי קינדער אָנטייל נעמען. ווען אָבער די אונטערנעמונג איז אַ קלענערע, און די טעטיקייט פון די קינדער איז דער הויפּט־צוועק, דעמאָלט איז, פאַרשטייט זיך, בעסער, עס זאָלן זיך באַטייליקן וואָס מער קינדער. עס איז דאָך נאָך אַלעמען אַ שפּילנדיקער אופן אויף צו באַקאַנען זיי מיט אידישע קינסטלער.

די דיכטער ווערן אַלע פאָרגעשטעלט דורך איין קינד.

עס איז אַ פאַרדרוס, וואָס מען איז געצוואונגען געווען אויסצוקלייבן אַזאַ קליינע צאָל פון די באַקאַנטע אידישע פּאָעטן. אָבער דער גאַנצער עפעקט פון דער זאַך וואָלט פאַרלוירן געוואָרן, ווען די צאָל וואָלט געווען צו־גרויס. מיר האָבן דעריבער זיך געמוזט אָפּשטעלן אויף די ערשטע צוועלף, וואָס זיינען געקומען צו דער האַנט, און זייערע סטראָפן האָבן זיך לייכטער פאַרבונדן מיט די סטראָפן פון די אַנדערע.

# דער כוס[1]

ש. פרוג

(די פּאָעמע קען זייער גרינג סצעניִרט ווערן פון צוויי קינדער, איינע אָנגעטאָן ווי אַ מאַמע. די לעצטע צוויי שורות קענען געזאָגט ווערן פון אַ קינד הינטער דער בינע).

„זאָג מיר, מאַמעלע, איך בעט דיך,
איז דאָס אמת, וואָס עס האָט
מיר דערציילט דער אַלטער זיידע,
אַז אין הימל, דאָרט, פאַר גאָט,
שטייט אַן אַלטער, גרויסער בעכער,
און ווען מיר מוטשען זיך דאָ שווער,
האָט דער גרויסער גאָט רחמנות
און לאָזט אין כוס אַריין אַ טרער?"

„— אמת, קינד מיינס!" — „זאָג נאָך, מאַמע,
איז דאָס אויכעט אמת, זיכער,
אַז קומען דעמאָלט וועט משיח[2],
ווען פאַרפולט וועט זיין דער בעכער?"

„— אמת!" און דאָס קינד פאַרקלערט זיך.
וואַרט אַ רגע טרויעריק שטיל,
פרעגט דערנאָכדעם: „ווען־זשע, מאַמע,
וועט דער בעכער זיין שוין פול?"

און ער הייבט די בלויע אויגן
טרויעריק צו דער מוטער אויף:
„צי איז אָן אַ דנאָ דער בעכער,
וואָס מיר ליידן אָן אַ סוף?

[1] בעכער. [2] אַ געזאַלבטער. אַ דערלייזער.

וואָס מיר לײַדן אויס אין גלות [3],
און דער כוס וויל פול ניט ווערן...
אפשר טריקענען דורך די יאָרן
אין דעם בעכער אויס די טרערן?..."

און צערודערט בלײַבט די מוטער
אויפ'ן פרומען קינד געבויגן;
און עס ציטערן די ברעמען
איבער טרויעריק־פאַרכטע אויגן...
און עס פאַלן צווײַ בריליאַנטן
אויפ'ן קינד'ס פאַרקלערטן שטערן...

— גאָט אין הימל, האָב רחמנות,
נעם אין כוס אַרײַן די טרערן!

[3] פאַרוואָגלט, פאַרטריבן אין דער פרעמד.

# עלי און שמואל

אהרן הלוי

(פון תנ"ך)

עס צאַנקט דאָס ליכט אין יהוה'ס היכל [1]
און עס פלעמלט זיך און גוסס'עט [2];
שאָטנס־זײַלן, ווי די ריזן,
ראַנגלען זיך און פאַלן אום...

טיף פאַרבאָרגן שטייט דער אָרון [3],
אײַנגעהילט אין שווערן חושך;
אויף די כרובים [4] שוועבט און טראָגט זיך
יהווה'ס [5] כבוד שטיל אַרום...

אין אַ ווינקל ליגט דער שוואַכער,
בלינדער, שווערער זקן עלי,
טיף פאַרזונקען אין מחשבות [6]
וועגן זײַנע קינדער'ס זינד.

אין אַ צווייטן — ליגט דער יונגער,
צאַרטער שמואל. קוקט מיט אומרו
אויף די שאָטנס, וועלכע פאַלן,
ראַנגלענדיק זיך אויף די ווענט...

פלוצלונג הערט ער רופן: „שמואל!" —
לויפט ער שנעל צום בלינדן זקן:
— אָט אָ בין איך, ליבער זיידע...
וואָס פאַרלאַנגסטו, זיידע, זאָג...

— גאָרניט, קינד מײַנס; גאָרניט, ליבער;
איך האָב דאָך דיך ניט גערופן...
גיי־זשע, לייג זיך, שלאָף בשלום [7]...
גיי, מײַן טײַער, ליבלאַך קינד.

[4] טעמפּל. [2] שטאַרבט, גייט אויס. [3] שאַפע, קאַסטן. [4] מלאכים.
[5] גאָט'ס. [6] געדאַנקען. [7] שלאָף רואיק, אין פרידן.

און ווי שמואל לייגט זיך, הערט ער
ווידער רופן: „שמואל! שמואל!“ —
גייט ער שטיל צו יענעם ווינקל,
וואו דער זקן[8] ליגט און רוט —

— אָטאָ בין איך, זיידע ליבער...
דו האָסט מיך געוויס גערופן...
קושט אים עלי אין זיין שטערן,
גלעט זיין שיין־געלאָקטן קאָפּ...

— טייער קינד מיינס, ניין, דיר דוכט זיך...
איך האָב קיינעם ניט גערופן...
גיי־זשע שלאָפן... זאָל דיך יהוה[9]
אָפּהיטן פון אַלדאָס־בייז...

שמואל גייט צו זיין געלעגער,
לייגט זיך שטיל און שליסט די אויגן;
אָבער באַלד דערהערט ער ווידער: —
„שמואל! שמואל!“ — רופט אַ קול.

ציטערט אויף דער יונגער שמואל,
קוקט מיט חשד[10] שוין אויף די שאָטנס,
וועלכע ראַנגלען זיך און פאַלן,
ווי גבורים[11], אויף די ווענט...

קוקט מיט אומרו אין זיין האַרצן
אויף דעם אַלטן כהן עלי,
שפּרייט די אָרעמס ברייט פאַנאַנדער,
אָנכאַפּנדיק זיינע הענט:

— זיידע ליבער, זאָג, וואָס איז דיר?...
כ'הער דיין שטימע רופן: „שמואל!...“
— ניין, מיין טייער זון, מיין ליבער,
ניט מיין שטימע רופט דיך דאָ...

גיי און לייג זיך, טייער קינד מיינס...
אָבער טאָמער הערסטו ווידער
רופן: „שמואל“, זאָלסטו זאָגן:
„רייד, מיין גאָט, ס'הערט דיין קנעכט.“

---

[8] אַלטער. [9] יאַהווע—גאָט. [10] פאַרדאַכט. [11] העלדן.

שלײַכט זיך שמואל צום געלעגער,<br>
ליגט זיך... און מיט פּחד [12] זעט ער,<br>
ווי דער פלאַם פון ליכט עס גוסס'עט...<br>
טוקט זיך... ראַנגלט זיך און — פאַלט.

פעסט פאַרקלאַמערט זײַנע אויגן,<br>
פלאַטערט שמואל, ווי אַ בלעטל...<br>
פּלוצלונג הערט ער פליגלען רוישן —<br>
גאָט'ס דערשײַנונג שטייט פאַר אים —

און אַ קול רופט אין דער פינסטער: —<br>
„שמואל! שמואל!" — און דער יונגער<br>
שמואל ציטערט אוים זײַן ענטפער: —<br>
„רייד מײַן גאָט, עס הערט דײַן קנעכט..."

און גאָט זאָגט שמואל'ן אַזוי:

„אָט טו איך אַ זאַך אין'ם פאָלק פון ישראל,<br>
וואָס'ט וואַרפן אַן אימה [12] אויף יעדן באַזונדער;<br>
אַ תל [13] וועל איך מאַכן פון הויזגעזינט עלי,<br>
פאַרניכטן דעם שטאַם מיט די צווײַגן אינאיינעם!...<br>
און זאָגן אים זאָלסטו: — איך משפּט אויף אייביק<br>
דערפאַר, וואָס די זין זײַנע האָבן געלעסטערט [14]<br>
מײַן הייליקן נאָמען און האָבן פאַרשוועכט [15] אים —<br>
און ער האָט געוואוסט און כמעט ווי געשוויגן.<br>
דאָ שווער איך: — איך וועל ניט<br>
פאַרגעבן דעם חטא [16]!"

— — — — — — — — — — —

שמואל פילט מיט יעדן אבר,<br>
ווי עס שטראָמען יהוה'ס ווערטער<br>
אין זײַן וועזן, און זיי דרינגען<br>
זײַן נשמה דורך־און־דורך.

מיטאַמאָל דערפילט ער כח [17], —<br>
יענעם כח פון נבואה [18],<br>
יענעם פײַער, וואָס פאַרמאָגן<br>
די, וואָס טראָגן יהוה'ס וואָרט.

---

[12] שרעק. [13] אַ צעשטערונג, אַ באַרג אַש. [14] צו שפּאָט געמאַכט. [15] צו שאַנד געמאַכט. [16] זינד. [17] קראַפט. [18] רוח הקודש, באַגייסטערונג, פּראָ־פעציאונג.

ער וועט גייִן אין פאָלק פאַרשפּרייטן
אָט־דעם פלאַם פון זײַן נשמה...
ווײַל דאָס וואָרט פון יהוה הערט זיך
זייער זעלטן אין דעם לאַנד.

ער וועט טראָגן טרייסט און גלויבן...
פלאַנצן האָפענונג אין הערצער...
וועקן, לערנען צו פאַרמײַדן
זינד און אומרעכט אויף דער וועלט...

— — — — — — — — — — — — —

ביז באַגינען איז געלעגן
און געחלומ׳ט פון זײַן צוקונפט
אַ באַצויבערטער דער נביא[19],
וואָס פאַרבאָרגט אין זיך גאָט׳ס וואָרט.

און, אָט שטייט ער אויף און עפנט־
אָפ די טירן פון דעם היכל,
און האָט מורא צו דערציילן
עלי׳ן יהוה׳ס שווערע רייד.

רופט אים עלי: „שמואל, קינד מײַנס,
זאָג מיר, וואָס געזאָגט האָט יהוה...
איך באַשווער דיך, ניט פאַרלייקן
קײַן שום קלענסטע זאַך פון מיר...“

שמואל ציטערט... קוקט אויף עלי׳ן...
האָט רחמנות אויפ׳ן זקן —
אָבער זאָגן מוז ער אַלעס,
ניט פאַרלייקענען קײַן וואָרט.

— — — — — — — — — — — — —

הערט־אויס עלי שטיל זײַן משפט,
בויגט הכנעה׳דיק[20] זײַן קאָפּ,
און ער ענטפערט: — „ער איז יהוה...
און ער טוט, ווי אים געפעלט...“

קערט זיך אָפּ פון יונגן נביא
מיט אַ טרויעריק געמיט...
און... צוויי גרויסע טרערן פאַלן
פון די בלינדע אויגן שטיל...

---

[19] פּראָפעט. [20] אונטערטעניק, נידערשלאָגן.

די פּאָעמע „עלי און שמואל" איז סצענירט געוואָרן פון מיר, און פון אַנדערע, אייניקע מאָל, אין צוויי סצענעס, אַזוי:

ערשטע סצענע (אַ שטומע):

די בינע שטעלט־פאָר אַ היכל—דעם אַלטן אידישן טעמפּל. אין הינטער־גרונט, אין מיטן, שטייט דער אָרון מיט די כרובים. פון איין זייט שטייט דער שלחן מיט'ן לחם־הפּנים, אין דער צווייטער זייט — אַ האַנט־פאַס מיט אַ קרוג וואַסער. אויף די ווענט הענגען כלי־זמר: האַרפן, טרומייטערס, שופרות א. אַז. וו. פאַר די לוים. אין מיטן בינע שטייט אַ מזבח מיט טעפּ און גרויסע גאָפּלען, וואָס קאָכן זיך אויף ברענענדיקע קוילן און האָלץ־צווייגן (דעם איינדרוק פון ברענענדיקע קוילן קריגט מען דורך עלעקטרישע לעמפּלאַך („פלעש־לאַיטס") אונטערגעלייגט און באַדעקט די גלעזלאַך מיט רויטע צייג).

עס איז אַ יום־טוב.

איידער דער פאָרהאַנג עפנט זיך, הערט זיך פון הינטער דער בינע, ווי דאָס פאָלק גייט צום טעמפּל, זינגענדיג אַן איידעלע רעליגיעזע מעלאָדיע (באַגלייט שטיל מיט פּיאַנע), און שטילע טריט אויף דער בינע — דאָס קומען אַריין די לוים. דער פאָרהאַנג גייט־אויף, דאָס געזאַנג הערט זיך נעענטער, די לוים קומען אַריין, בוקן זיך, נעמען אַראָפּ פון די ווענט די כלי־זמר און שטעלן זיך אַרום דעם מזבח און שפּילן די זעלבע מעלאָדיע, וואָס די פּיאַנע באַגלייט שטיל דאָס געזאַנג. עס קומען אַריין חפני און פנחס אָנגעטאָן ווי כהנים, מיט רויבערדיקע ווייררויך־לאַמפּן, בוקן זיך און שטעלן זיך נאָענט בײַ'ם מזבח, מישנדיק די טעפּ. ביידע קוקן־אויס בייז און שלעכט —פאַרדאָרבן. עס קומט אַריין דער אַלטער האַלב־בלינדער כהן גדול עלי (ווי אַ כהן גדול איז אָנגעטאָן, ווערט באַשריבן אין חומש, ויקרא, קאַפּ. ח'). עלי בוקט זיך, און אַלע טוען אים נאָך. דאָס פאָלק קומט־אָן מיט געזאַנג, ברענגענדיג פאַרשיידענע בכורים, קרבנות, מתנות, און בוקן זיך. חפני און פנחס נעמען־צו מיט רוגזה די מתנות און שטופּן בייז אָפּ אייניקע פון פאָלק. דאָס פאָלק טוט תפילה, בוקט זיך און קניט צערעמאָניאַל. עס קומט שטיל אַריין חנה און פירט בײַ'ם האַנט איר קינד, שמואל'ן (3 יאָר אַלט), וואָס זי האָט אַמאָל צוגעזאָגט עלי'ן, אַז זי וועט אים אויפשענקען אין טעמפּל. זי בוקט זיך, שמואל טוט איר נאָך. זי דערקענט עלי'ן. פירט שמואל'ן צו אים. זי דערמאָנט עלי'ן ווער זי איז; ער גערעדנקט, אָבער ער דערקענט זי קוים. דאָס פאָלק קוקט פאַר'חידוש'ט אויף דער סצענע. עלי נעמט אָן שמואל'ן, בענטשט אים און בענטשט דאָס גאַנצע פאָלק. די פרויען און די קינדער טאַנצן אַן עקסטאַטיש־רעליגיעזן טאַנץ און פאַרלאָזן דעם טעמפּל. חנה געזעגנט זיך מיט שמואל'ן. און ווען דער פאָרהאַנג פאַלט

פאַמעלאַך, גייט חנה אַרויס, ווישנדיק אירע טרערן פון נחת, מיט דער שטילער באַגלייטונג פון מוזיק און טרייסטנדיקע בליקן פון עלי'ן מיט די לוים. חפני און פנחס קוקן אויס בייז און אומצופרידן.

צווייטע סצענע (זיבן יאָר שפּעטער) — ביינאַכט.

די בינע—די זעלבע, בלויז מיט אַ צוגאָב פון צוויי געלעגערס אין באַזונדערע ווינקלען פאַר עלי'ן און שמואל'ן. אויפ'ן מזבח פעלן די טעפּ. עס זעט זיך בלויז דער אויסגייענדיקער פייער, אויף אים ליגט אַש און אויס־געברענטע קוילן, דורך וועלכע עס שעמערירן נאָך גליענדיקע פונקען (די גאַנצע סצענע ווערט געענוי געשילדערט אין דער פּאָעמע גופא). גאָט'ס רייד צו שמואל'ן הערט זיך פון הינטער דער בינע. אָבער שמואל חזר'ט זיי איבער, ווען עלי פרעגט אים שפּעטער, וואָס גאָט האָט אים געזאָגט. פון גאָט'ס רייד ביז שמואל שטייט אויף פון זיין געלעגער, דויערט אַ היבשע פּאַוזע. אין דער צייט פילט ער, ווי דער רוח־הקודש פון נבואה דרינגט אין אים אַריין, און ער דריקט עס אויס מיט באַוועגונגען אויף זיין געלעגער.

ווען שמואל שטייט אויף און עפנט די טירן פון דעם היכל, וועקט זיך עלי אויף און טוט זיך אָן. ער איז איצט אינגאַנצן בלינד און טאַפּט דעם וועג מיט אַ שטעקן.

דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם, און מ'זעט, ווי עלי ציטערט פון געוויין, און שמואל קוקט אויף אים מיט מילדע בליקן און גלעט אים טרייסטנדיק.

